# פון ארץ ישראל אוצר

א זאַמלונג פון מאמרי חז״ל און זוהר, תורה־טייטשען
און געדאַנקען, חסידישע ווערטער און באַמערקונגען,
מעשיות און לעגענדעס, וויצען און אַנעקדאָטען,
וועלכע איז געשריבען און געזאָגט געוואָרען
וועגען ארץ ישראל אין משך פון דורות ביז צו
דער נייעסטער צייט

פון

## הרב נפתלי האָראָוויץ

ניו־יאָרק, תש״ט

בהוצאת
בית מסחר ספרים „פרדס״
י. ז. בוכבינדר, נשיא
28 רחוב קאַנאל, ניו־יורק

# הקדמה

מיר לעבען אין אַ צייט פון חורבן און אויפבוי, אַ צייט וואָס קאָן באַצייכענט ווערען אַלס סוף פון אַ תקופה און אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע. פאַר אונזערע אויגען קומט פאַר די שקיעה פון גלות און די זריחה פון גאולה. מיר זענען געווען עדות און צוגעזעהן ווי דער גרויסער, ברייט פאַרצווייגטער דעמב פון אייראָפּעאישען אידענטום וואָס האָט אַזוי טיף געוואָרצעלט אויף אייראָפּאָ׳ס ערד, איז אַזוי ברוטאַל אויסגעריסען געוואָרען. אויך האָבען מיר דערלעבט די צייט ווען אין אונזער דור האָט אויפגעשיינט דאָס ליכט פון ציון. ווען פון דעם דורות־לאַנגען מאַיעסטעטישען חלום וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געטרוימט אין דער ענדלאָזער נאַכט פון דער מיט וואָלקען־באַדעקטער גלות־געשיכטע, אַ חלום וואָס איז געווען דורכגעוועבט מיט די פעדעם פון בענקשאַפט אויף „לשנה הבאה בירושלים", איז אַ נס געוואָרען, און פון דעם נס — אַ ממשות׳דיגע, לעבעדיגע העלע ווירקליכקייט... —

קיינמאָל ווי אין אונזער אומגליק־גליקלעך דור איז ניט אַזוי אמת׳דיג־בילדליך פאַרווירקליכט געוואָרען די ווערטער פון זוהר הקדוש: „ווי לדרא דא" און „זכאה דרא דא".

עס איז „ווי לדרא דא", אַך און ווי צו אונז אַז מ י ר דאַרפען עס זיין די י ו ר ש י ם פון אַ ז אַ אידענטום וואָס איז אַזוי בעסטיאַליש־גרויזאַם פאַרשניטן און פאַרטיליקט געוואָרען, עס איז אַך און ווי צו אונז, אַז מיר האָבען געדאַרפט ל ע ב ע ן אין אַזאַ דור אין וועלכען גאַנצע דריי דורות: טאַטעס און זין, מאַמעס און טעכטער, זיידעס און אייניקלעך, זענען אַוועק מיט׳ן רויך. און אַוועק זענען די טויזענדער ספרי־תורה, ספרים, שולען צוזאַמען מיט די דאַווענערס...

געבליבען איז נאָר דער „פיח כבשן האש" וואָס באַפּייכט אונזערע אויגען און וואָס מאַכט אונז וואַלגערען אויף די געלעגערס אין קאָנוואול־סיווע יסורים, דורכווייקענדיג די קישענס מיט טרערען וואָס זענען ניט פיל גענוג אום אויסצווייגען שטיקער פון אונזער נשמה אויף דעם וויסטען חורבן...

עס איז אָבער גלייכצייטיג אויך „זכאה דרא דא״, ווייל מיר האָבען אַ באַזונדערען זכות צו לעבען און אָטעמען אין אַזאַ תקופה ווען די מדינת־ישראל איז געבוירען געוואָרען, ווען דאָס אַלטע פאָלק איז ווידער יונג געוואָרען. אין אַ צייט ווען דער עכאָ פון דעם ניגון פון די בענקער נאָך ציון וירושלים וואָס איז פאַרשטומט געוואָרען אין דעם חלל העולם אין די וויסטע פעלדער פון טרעבלינקע און אָשוויענצים, ווערט ווייטער אויסגעזונגען פון די בויער פון ציון.

קרוב צוויי טויזענד יאָר, געטראָגען פון אַ גליהענדען גייסט פון התלהבות, האָבען מיר מתפלל געווען, געבענקט און געהאָפט, געלעכצט און געשטערעבט, געאַרבייט און געליטען פאַר דער דערגרייכונג פון דעם דאָזיגען מאָמענט, אויף דעם מאָמענט ווען דאָס פאָלק אַלס אַזעלכעס וועט צוריק פירען אין אייגענעם לאַנד אַ זעלבסטשטענדיג, תורה׳דיג לעבען, וואָס איז אַזוי שיין אויסגעדריקט אין די ווערטער „דוד מלך ישראל חי וקיים״, ווייל דוד איז דער סימבאָל פון דער שאַפונג פון אַ מלוכה און פון וועמען משיח, משיח בן דוד דאַרף אַרויסקומען. קרוב צוויי טויזענד יאָר איז פון דער צייט ווען דאָס לאַנד איז פאַרברענט געוואָרען און אידען זענען **געגאַנגען אין גלות** אַריין און אַט איז ליידער אויך דער גלות פאַרברענט געוואָרען, אָבער אידיש פאָלק **גייט צוריק אין לאַנד אַריין**.

אומעטום, אויף׳ן גאַנצען כדור הארץ, אין אַלע ווינקלען פון די **ווייטסטע** דיסטאַנצען וואו אַ איד האָט זיך געפונען האָט זיין הארץ געצויגען צום **נאָענטען** מזרח, צו דעם לאַנד אויף וועלכען עס האָבען געטראָטען אונזערע אבות, אונזערע חוזים און נביאים. אויף די ברעגען פון דער ווייכסעל, אויף דער וואָלגאַ, אויף דער טעמזאַ, אויף׳ן האַדסאָן און מיסיסיפּי. אין די דערשטיקטע קעלערען פון וואַרשאָווער געטאָ, און די גאַז־אויוועגס און קרעמאַטאָריעס וואו ימח שמו האָט אומגעברענגט אַ דריטעל פון אונזער פאָלק, אונטער דעם אייזען פון דעם פאַרהאַנג וואָס פאַרשטעלט דעם וועג צום געבענקטען לאַנד; זענען די בליקען פון אידען איינגעגעסען צו די בערג פון ציון וירושלים.

מיט נאָגענדע בענקשאַפט, מיט דבקות און התלהבות, מיט מסירת־נפש׳דיגען אידיאַליזם זענען דורות, דורי דורות, אונזערע זיידעס און טאַטעס געשטאַנען אין די ווינקלען פון די בתי־מדרשים און שטיבלעך און השתפכות־הנפש׳דיג געשעפּטשעט די תפילה צום בורא עולם אַז עס זאָל שוין קומען די שעה פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון״, מיט הייליגען נשמה־ציטער האָבען אונזערע באָבעס און מאַמעס איידער זיי האָבען פאַרדעקט מיט די הענט זייערע פּנים׳ער

פאַר ליכט־בענטשען, האָבען זייערע הענד פריער אָוועקגעגעבען די לעצטע שווער אָנגעהאָרעוועטע גראָשענס פאַר די וואָס זיצען אין ציון און בויען ציון.

עס איז נישט אונזער אויפגאַבע צו געבען אַ פולשטענדיגע איבערזיכט וועגען דער באַוועגונג פון שיבת־ציון, אָבער אַריינ־געמענדיג אין דעם ספר די ווערטער און רעיונות פון אונזערע גדולי הרוח, ווילט זיך אָנווייזען און קורצע שטריכען ווי ווייט זיי זענען געווען די טרוימער און קעמפער פון רעיון פון בנין־הארץ, און אַז אויך צווישען זיי זענען געווען אידיאַליסטישע טיפען פון „מעפילים״, וועלכע האָבען מיט אַזאַ עקשנות׳דיגען, הייליגען ענטוזיאַזם און מיסטישען גלויבען צוגעלייגט זייערע געבענטשטע הענד צו בנין פון ישוב ארץ־ישראל. עס איז גענוג צו דערמאָנען די גייסטיגע ריזען פון מיטעלאַלטער: רבי יהודה הלוי, אבן־עזרא, רמב״ם, די גדולי ישראל פון ענגלאַנד און פראַנקרייך: רבי יהונתן הכהן פון לוניל, רבי שמשון פון שאַנץ און נאָך בעלי תוספות, דער רמב״ן, רבי אשתרי בן משה פרחי; פון פוילען און ליטע רבי יהודה החסיד פון שידלאָווצע. די מקובלים רבי שלמה אלקבץ, רבי יוסף קארו, רבי משה אלשיך, הקדוש רבי משה קאָרדאָווירע, רבי יצחק לוריא, (אר״י ז״ל) רבי אליהו ווידאַש, רבי ישעי׳ הורוויץ (של״ה הקדוש). דער שעפער און גרינדער פון חסידות, בעש״ט זצ״ל, האָט שטענדיג געשטרעבט צו קומען קיין ארץ־ישראל נאָר איז צוליב פאַרשידענע סיבות געשטערט געוואָרען. באַוואוסט מיט זייער גרויסע ליבשאַפט צום הייליגען לאַנד זענען די גדולי החסידות: רבי גרשון קיטיווער, רבי נחמן האָראָ־דענקער, רבי מענדעלע פרעמישלאַנער, רבי מענדעלע וויטעבסקער, רבי אברהם קאַליסקער, רבי נחמן ברעסלאָווער, רבי שמשון שעפי־טיווקער, רבי אברהם אַווריטשער. עס איז אויך באַוואוסט די גרויסע התעוררות פאַר ארץ־ישראל אין דער מתנגדישער וועלט וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך איינעם פון די גדולי התלמידים פון ווילנער גאון זצ״ל, רבי ישראל פון שקלאָוו. און אין לעצטען דור — מיין גרויסער זיידע, דער גאון און צדיק דער באַרניווער רב, רבי אברהם שמחה׳לע האָראָוויץ זצ״ל וועלכער האָט פאַרלאָזט שטאָט און פאַמיליע און אָוועק קיין ארץ ישראל און וואָס האָט בשעתו אַרויס־גערופען אַ געוואַלדיגען רושם אין דער חסידישער וועלט.

אין דער זאַמלונג פון אויסדערוועהלטע מאמרים און רעיונות, וועלען די לייענער דערהערען דעם בת־קול פון דעם טיפען געפיל פאַר׳ן הימלאַנד וואָס עס האָט געקלאַפט אין די הערצער פון אונזערע לערער און וועג־ווייזער.

עס איז צו האָפן אַז די דאָזיגע זאַמלונג וועט ממלא זיין אַ חסרון וואָס עס שפּירט יעדער וואָס אינטערעסירט זיך מיט׳ן ארץ־ישראל׳דיגען פּראָבלעם. בעזונדער׳ס היינט ווען ישראל שטייט אין צענטער פון אידישער און אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט, וועט דאָס ספר דינען אַלס שפּיגעל אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָפּ אויף אַ קורצען קאָנדענסירטען אופן אַסך פּראָבלעמאַטישע ערשיי־נונגען און שטרעמונגען וואָס די צייט האָט אַרויסגעברענגט אין שייכות מיט׳ן ארץ־ישראל ענין.

דער געקליבענער מאַטעריאַל איז ניט נוטה צו קיין אידיאָלאָגישע אָדער פּאַרטאיישע מיינונגס־פאַרשידענהייטען, פון די באַוועגונגען וואָס אַרבייטען לטובת ארץ־ישראל. איך האָב זיך באַמיט ווי ווייט מעגליך צו זיין אָביעקטיוו צום אויסוואַל און מהאי טעמא זיך אויך אָנגעשטרענגט גובר צו זיין דעם שרייבערישען יצר־הרע נ י ש ט צ ו פ אַ ר ל י ט ע ר אַ ר י ש ע ן מיט פאַרשידענע באַמבאַסטישע אויסדרוק־פאָרמען און ווערטער־אַקראָבאַטיק. די מיינונגען און גע־דאַנקען, וועלכע זענען אַרויסגעזאָגט מיט אַזויפיל רירענדע פשטות און האַרציקייט, און איבערזעצט כמעט אויף דעם זעלבען אופן ווי עס איז געשריבען און געזאָגט געוואָרען פון די שעפער און דענקער זיי זאָלען ניט דאַרפען זיין קיין „אנוסים על פי הדיבור״... איך פּרע־טענדיר אויך נישט צוגעבען אַ פולשטענדיגע זאַמלונג פון אַלע גייסטיגע שאַפונגען און אַלע נצחיות׳דיגע ווערטען פון דעם רייכען ארץ ישראל אוצר דאָס איז נאָר אַ טיפה מן הים. אויב השי״ת וועט מיר געבען כוחות, וועל איך עס טאָן אין די ווייטערדיגע זאַמלונגען. דאָך זענען דאָ פאַראַן די מערהייט געדאַנקען און מיינונגען וואָס וואַרפען אַ ליכט אויף די סאַמע לעצטע ארץ־ישראל ערשיינונגען און וואָס רירען אָן דעם קאָמפּלעקס פון פראַגען וואָס די אַנטשייאונג פון מדינת ישראל האָט מיט זיך געבראַכט.

אויב דער אָדער יענער לעזער וועט דאָ געפינען אַזעלכע ציטאַטען וואָס זענען נישט לויט זיין געשמאַק אָדער אָנשויאונג, דאַרף ער בעמען אין באַטראַכט אַז מען קען נישט באַפרידיגען אַ ל ע מ ע ן און קיין שלמות אין ספרים איז ניט פאַראַן. וועגען דעם האָט שוין לאַנג איינער פון די קדמונים געזאָגט: „אי אפשר לספר שלא יהי׳ בו דבר בטל ואי אפשר לספר שלא ימצא בו דבר הגון. אשרי למחבר שימצא בספרו דבר בטל ואוי לו למחבר שיש בספרו דבר הגון״...

האַלטענדיג זיך פון תמיד ביי דער מידה פון צמצום, האָב איך נישט אַריינגענומען אין דעם ספר קיין לאַנגע, אריכות׳דיגע מאמרים און אויסטייטשונגען, נאָר געגעבען קורצע באַלויכטונגען און מיינונגען,

שפריכען און סענטענצען, געדאנקען און געפיהלען פון אונזערע גדולי הרוח, וועלכע אַנטהאַלטען אָפטמאָל אין זיך אַ גאַנצע וועלט־אַנשויאונג און וועגען וועמענס טעמאַטען מען קען גאַנצע, ביכער אָנשרייבען... קורצקייט פאַרלאַנגט קאָנצענטרירונג און פאַרטיפונג. איינער פון די פאַרצייטישע גדולים האָט אַמאָל געשריבען צו אַן אַנדערען גדול: „איך שרייב דיר אַ לאַנגען בריוו, ווייל איך האָב ניט קיין צייט צו שרייבען קורץ"... איך האָב זיך געשטעלט אַלס ציל צו באַווייזען אַז דער אַדלער־בליק און נביאישע פאַראויסזעאונג פון אונזער תורה שפּאַנט איבער אייביקייטען און אַז אַלץ איז דאָרט מרומז. דער „ארץ־ישראל אוצר" איז געשריבען אויף אַ פּאָפּולערען אופן אַזוי אַז יעדער וואָס האָט נאָר אין זיך אַ ריח תורה זאָל עס קענען פאַרשטיין.

און איך שפּרייט אויס די הענט צום פאָטער אין הימעל, אַז מיר, וועלכע האָבען געזעהן דאָס אידישע פאָלק בחורבנו זאָלען עס אויך זוכה זיין צו זעהן בבנינו. און זוכה זיין זאָלען מיר טאַקע צו דעם בנין וואָס וועט נישט געמאַכט ווערען דורך קיין מענשליכע הענד, נאָר צום בנין אויף וועלכען עס האָבען געהאָפט אונזערע חוזים און נביאים, צום בנין פון גואל צדק.

געשריבען חמשה־עשר בשבט אין טאָג פון דער ערעפנונג פון דער „כנסת" אין דער באַנייטער מדינת־ישראל. אין יאָר מהרה תבוא הגאולה.

**דער מחבר**

---

# בן יכבד אב

איך וויל אויסדריקען מיין גרויסע ליבשאַפט און יראת הכבוד צו מיין טייערען פאָטער הרב הגאון ר' **ישראל יוסף האַראָוויץ** ריגליצער־באַרניוער רב שליט"א, אונטער וועמענס השפעה עס איז איינגעפלאַנצט געוואָרען אין מיר אהבת התורה והארץ.

**המחבר**

געהייליגט דעם אָנדענק פון די וואָס זענען
אומגעקומען אין אייראָפּע על קדוש־השם,
צווישען זיי מיין טייערער זיידע הגאון
הצדיק ר׳ אַלטער אליעזר האָראָוויץ סטאָ־
שיווער רב הי״ד, און די קדושים וואָס
זענען אומגעקומען אין ארץ־ישראל על
קדוש־החיים.

# תנ״ך

## אַ סימבאָלישע אנדייטונג.

אין דער זעלבער וואָך ווען די פאַראייניגטע פעלקער האָבען באַשלאָסען צו אָנערקענען ישראל אַלס אַן אייגענעם שטאַאַט פאַר אידען איז אין דער הפטרה פון דער סדרה פון דער זעלבער וואָך געליינט געוואָרען דער פסוק וועלכער קלינגט העכסט סימבאָליש: „ושבתי את שבות עמי ישראל ובנו ערים נשמות וישבו ונטעו כרים ושתו את יינם ועשו גנות ואכלו את פרים ונטעתים על אדמתם ולא ינתשו עוד מעל אדמתם אשר נתתי להם אמר ד׳ אלקיך״. — און איך וועל אומקערען די געפאַנגענשאַפט פון מיין פאָלק ישראל און זיי וועלען אויפבויען פאַרוויסטע שטעט און זיי באַזעצען און פלאַנצען וויינ־גערטנער און טרינקען זייער וויין און מאַכען גערטנער און עסען זייער פרוכט. און איך וועל זיי איינפלאַנצען אויף זייער ערד און זיי וועלען מער ניט אויסגעריסען ווערען פון דער ערד, וואָס איך האָב זיי געגעבען, זאָגט ה׳ דיין ג־ט. (עמוס ט׳).

---

## ציון און ירושלים.

„למען ציון לא אחשה ולמען ירושלים לא אשקוט״ (ישעיה ס״ב, א׳) פון וועגען ציון וועל איך נישט שווייגען און פון וועגען ירושלים וועל איך נישט רוען. (ישעיה).

---

## אַז מען בויט אין ארץ־ישראל.

„בנו בתים ושבו ונטעו כרמים ואכלו פרים, לא יבנו ואחר ישב, לא יטעו ואחר יאכל״ — זיי וועלען בויען הייזער און זיי באַוואוינען, גערטנער פלאַנצען און עסען זייער פרוכט, זיי וועלען ניט בויען אַז אַן אַנדערער זאָל באַוואוינען, זיי וועלען ניט פלאַנצען און אַן אַנדערער זאָל עסען. (ישעיה ס״ה).

## פליטים קיין ארץ־ישראל.

פליטים מחרב הלכו אל תעמדו זכרו מרחוק את ד׳ וירושלם תעלה על לבבכם — איר, אנטרונענע פון שווערד, גייט, **איהר זאָלט** איך נישט אָפּשטעלען; דערמאָנט פון דערוויטען ג־ט און ירושלים זאָל אויפגיין אויף אייער האַרץ. (ירמיה נ״א, נ׳).

---

## נישט זיין מער צושאַנד און שפּאָט.

לכו ונבנה את חומת ירושלים ולא נהי׳ עוד לחרפה — **לאָמיר** אויפבויען די מויערען פון ירושלים און מיר וועלען מיר נישט זיין צו שאַנד. (נחמי׳ ב׳, י״ז).

---

# מאמרי חז״ל

## דאָס וואוינען אין ארץ־ישראל.

**אַ איד** זאָל שטענדיג וואוינען אין ארץ־ישראל, אפילו אין אַ שטאָט, וואו די מערהייט פון דער באַפעלקערונג זענען גויים, און ער זאָל ניט וואוינען אין די שטעט פון חוץ־לארץ אפילו ווען די מערהייט איינוואוינער זענען אידען, ווייל יעדער וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל איז גלייך ווי ער וואָלט געהאַט אַ ג־ט, און דער וואָס וואוינט אין חוץ־לארץ איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט עבודה זרה. (כתובות ק״י).

---

## דאָס ליבסטע לאַנד.

ארץ־ישראל שהיא חביבה מכל נבראת קודם לכל — ארץ־ישראל איז דאָס ליבסטע ביים באַשעפער דעריבער, איז עס באַשאַפען געוואָרען פריער פאַר אַלע לענדער. (ספרי).

---

## די ערשטע לעבעדיג צו ווערען.

די טויטע אין ארץ־ישראל וועלען אין די טעג פון משיח זיין **די ערשטע לעבעדיג צו ווערען. (מדרש הגדול).**

## די שיינקייט פון'ם בית־המקדש.

ווער עס האָט נישט געזעהן ירושלים אין איהר פּראַכט דער האָט אויף זיין גאַנץ לעבען קיין שיינע שטאָט נישט געזעהן. ווער ס'האָט נישט געזעהן ווי דער בית־המקדש איז געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ דער האָט אין זיין לעבען קיין וואונדערבאַר בנין נישט געזעהן. אַלע טויערען פון בית־המקדש, וואס זענען לכתחילה געמאַכט געווען פון **קופּער, זענען שפּעטער איבערגעמאַכט געוואָרען אויף גאָלד. אַ חוץ די** טויערען פון נקנור, ווייל מיט זיי האָט פּאַסירט אַ נס: ניקנור האָט באַשטעלט די טויערען אין אַלעקסאַנדריע אין מצרים, אַרויספירענדיג זיי פון דאָרט איז אויפגעשטאַנען אַ שרעקליכער שטורם־ווינד אויף צו דערטרינקען ווערען. האָט מען איין טויער אַריינגעוואָרפען אין **ים — און דער שטורם איז ניט געשטילט געוואָרען, האָט מען געוואָלט** דעם אַנדערען אַריינוואַרפען — האָט ניקנור זיך אַנגעהאַנגען אַן טויער און געזאָגט: וואַרפט מיך אַריין מיט איהם אינאיינעם — איז באַלד דער שטורם געשטילט געוואָרען. ניקנור'ן האָט שטאַרק באַנג געטאָן אויף יענעם טויער וואס איז פאַרלוירען געגאַנגען. ווען מען איז געקומען צום האַפען פון עכו האָט מען דערזעהן ווי דער אַרויס־געוואָרפענער טויער שווימט אַרויס פון אונטערן שיף. די דאָזיגע פּאָר טויערען זיינען געווען אויסגעגאָסען פון איין שטיק קופּער, אַז די זון האָט אַנטקעגען זיי געשיינט, האָבען זיי געגלאַנצט ווי גאָלד.

ביים טיר פון היכל איז געשטאַנען אַ גאָלדענער וויינשטאָק. איינמאָל האָט מען געדאַרפט אַפּרוימען דעם פּלאַץ, האָט מען צונויפגערופען דריי הונדערט כהנים, זיי זאָלען דעם שווערען וויינשטאָק רירען פון אָרט.

דער פּרוכת האָט געהאַלטען פערציג איילען די לענג, צוואַנציג איילען די ברייט און פיער פינגער די ברייט.

אַ פּלייט איז געווען אין בית־המקדש נאָך פון משה רבנו'ס צייטען, גלאַט און דין אויסגעשניצט פון רעהר־האָלץ. איינמאָל האָט דער מלך געהייסען, מען זאָל זי באַדעקען מיט גאָלד, האָט זי פאַרלוירען איהר זיס קול. ווען מען האָט דאָס גאָלד צוריק אַראָפּגענומען — איז דאָס קול ווידער געוואָרען זיס ווי פריער.

**אַן אָרגעל איז געווען אין בית המקדש מיט צעהן לעכלעך, יעדער** לאָך האָט אַרויסגעגעבען צעהן ניגונים — צוזאַמען הונדערט לידער.

אַ קוואַס איז אַרויסגעגאַנגען פון אונטערן טעמפּעל פון'ם קדשי־**הקדשים אין וועלכען די אומרייניגע פלעגען זיך טובלע'ן ריין צו ווערען.** (אגדות חז"ל).

## דער טוי וואָס גיסט אַריין לעבען.

מיום שחרב בית־המקדש, ארץ־ישראל אומללה, כאדם שהוא חולה ואין בו כח לעמוד, כך הארץ אומללה ואין בה כח ליתן את פירותיה, ולעתיד לבוא הקב״ה מוריד טל של תחיה ומחיה — פון דעם טאָג, וואָס דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען איז ארץ־ישראל געוואָרען אומגליקליך, פונקט ווי אַ קראַנקער מענטש וואָס האָט קיין כח נישט זיך צו האַלטען אויף די פיס, אויך די ערד איז געוואָרען אומגליקליך און האָט ניט מער די קראַפט אַרויסצוגעבען איהרע פרוכט. אָבער אין דער צוקונפט ווען די שעה פון דער גאולה וועט שלאָגען, וועט דער אויבערשטער אַרונטערנידערען אַ טוי פון לעבען און די ערד וועט ווידער געזונט ווערען. (פרקי דר׳ אליעזר).

---

## טרויער און פרייד.

כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בשמחתה — דער וואָס טרויערט אויף ירושלים איז זוכה צו זעהן ווי ירושלים פרייט זיך. (תוספתא, סוטה ט״ו).

---

## ווי אַזוי די אַמאָליגע אַראַבער האָבען באַהאַנדעלט די איבערגעבליבענע אידען.

ווען נבוכדנצר האָט פאַרטריבען די אידען קיין בבל הויל־נאַקעטע, די הענד פאַרבונדען אַרונטער און די פיס געשמידט אין אייזערנע קייטען, זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען די בני־ישמעאל. האָבען די אידען געבעטען ביי זייערע פאַנגער: טוט מיט אונז אַ חסד און פירט אונז צו אונזרע ברודער, די קינדער פון פעטער ישמעאל. די פאַנגער האָבען דערפיהלט זייער בקשה. זענען ישמעאל׳ס קינדער אַרויס אַנטקעגען זיי און געגעבען צום עסען געזאַלצענע הערינג און ברויט מיט זאַלץ־וואַסער. אַז זיי האָבען פאַרענדיגט דאָס עסען האָבען די בני־ישמעאל אַרויסגעטראָגען גרויסע לאָגלען, אויסענווייניג פייכט, פון אויבען שטאַרק פאַרקניפּט, און אינעווייניג — אנגעבלאָזען. די פאַרטריבענע אידען פון ארץ־ישראל האָבען פון גרויס דורשט, מיט די ציין געביסען די שנירלעך פון די פאַרקניפּטע לאָגלען, קום זיי האָבען זיי געעפענט, אַז דער ווינט אַריין אין די געדערעם און זיי זענען אַנידערגעפאַלען טויט מיט געשוואָלענע בייכער. — רבי יוחנן זאָגט, אַז די מעשה האָט

זיך געטראָפּען מיט אַכציג טויזענד יונגע כוהנים וועלכע האָבען זיך דורכגעריסען יעדער פון זיי מיט אַ גאָלדענעם פּאַנצער און צוגעשלאָגען צו ישמעאל׳ס קינדער. (אגדות חז״ל).

## די קלוגשאַפט פון די אַמאָליגע ארץ־ישראל־קינדער.

רבי יהושע בן חנינא איז אַמאָל געקומען אין שטאָט אין א״י האָט ער דאָרט באַגעגענט אַ קליין מיידעלע, פינף יאָר אַלט, שטייט ביי אַ ברונעם און שעפּט וואַסער פון ברונעם. זאָגט ער צו איהר: „מיידעלע, אפשר וועסט מיר געבען אַ טרונק וואַסער?״ מיט גרויס רעספּעקט האָט דאָס מיידעלע דערלאַנגט אַ טרונק פאַר איהם און פאַר זיינע באַגלייטער. ווען ער האָט פאַרענדיגט דאָס טרינקען, זאָגט ער צו איהר: „מיידעלע טייערע, דו האָסט געטאָן „מעשה רבקה״ (ווענען רבקה׳ן ווערט דערציילט אין חומש אַז זי האָט געגעבען אליעזר׳ן און זיינע קעמלען צו טרינקען). דאָס מיידעלע האָט צו איהם אַ ליבען שמייכעל געטאָן און געזאָגט: אמת! איך האָב טאַקע געטאָן אַזוי ווי רבקה, אָבער דו, רבי, האָסט ניט געטאָן „מעשה אליעזר. (אליעזר האָט דערפאַר געגעבען רבקה׳ן שיינע מתנות). (אגדות חז״ל).

## אַ גאַנצע וועלט.

רבי שמעון בן יוחאי האָט געזאָגט: דאָס וואָרט „תבל״ ווערט געמיינט ארץ־ישראל. פאַרוואָס ווערט ארץ־ישראל גערופען „וועלט״? ווייל דאָרט איז אַלץ פאַראַן. געוועהנדליך האָט יעדעס לאַנד ספּעציעלע מעלות וואָס אַן אַנדער לאַנד האָט נישט, ארץ־ישראל איז געבענטשט דערמיט וואָס עס האָט אַלע מעלות און גוטסקייטען. ווענען ארץ־ישראל איז געזאָגט געוואָרען „לא תחסר כל בה״ — עס פעהלט דאָרט גאָר־נישט, אַלץ איז דאָרט פאַראַן. (ספרי).

## וואָס מען טאָר פון ארץ־ישראל ניט אַרויספירען.

אין מוציאין שמן שרפה ופירות שביעית מהארץ לחוץ־לארץ — פון לאַנד טאָר מען נישט אַרויספירען קיין ברען־אויל און שמיטה־פּרוכטען. (שביעית פרק ו׳).

## אַז מען פאַרלאָזט דאָס לאַנד.

אַ מענטש וואָס פאַרלאָזט ארץ־ישראל איז געגליכען צו איינעם וואָס לאָזט איבער די שויס פון דער מוטער און גייט אַוועק צו אַ פרעמדע פרוי. (ירושלמי מועד קטן).

---

## איבערשטייגט אַלע מצוות.

ר׳ יהודה בן בתירא, ר׳ מתיא בן חרש און נאָך זענען געגאַנגען קיין חוץ־לארץ, צוקומענדיג צום אָרט פלטום, האָבען זיי זיך דערמאָנט אין ארץ־ישראל, האָבען זיי אַרונטערגעלאָזט די אויגען, צעריסען די קליידער און געוויינט און זיי האָבען זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל.

צוריקקומענדיג האָבען זיי געזאָגט: דאָס וואוינען אין ארץ־ישראל איז גלייך געגען אַלע מצוות פון דער תורה. (ספרי).

---

## די עליה קיין א״י דאַרף זיין אַן אידיאַלע.

„מפני מה אין חמי טבריה בירושלים, כדי שלא יאמרו עולי רגלים, אלמלי לא עלינו אלא כדי לרחוץ בחמי טבריה דיינו, ונמצא עליתם שלא לשמה״. פאַרוואָס געפינען זיך ניט די זעלבע וואַסערען וואָס אין טבריה אויך אין ירושלים? כדי די עולי רגל זאָלען ניט זאָגען: ווען מיר וואָלטען עולה געוועזען קיין ירושלים בלויז דערפאַר אַליין אום זיך צו באָדען אין די חמי טבריה וואָלט שוין אויך ווערט געוועזען; וואָלט דאָך ממילא אויסגעקומען אַז די עליה זייערע איז געוועזען שלא לשמה. (חז״ל).

---

## פאַרוואָס די תורה איז נישט געגעבען געוואָרען אין א״י.

די תורה איז געגעבען געוואָרען אין דער מדבר און נישט אין ארץ־ישראל, כדי די אומות העולם זאָלען נישט האָבען קיין תירוץ און זאָגען אַז דערפאַר האָבען זיי זיך אָנגעזאָגט אָנצונעמען די תורה, ווייל עס איז דאָך געוועזען אין אַ פרעמד לאַנד. האָט מען דעריבער געגעבען די תורה אין מדבר אויף אַ הפקר־אָרט אויף אַ פרייען פלאַץ, און ווער עס האָט נאָר געוואָלט האָט געהאַט די מעגליכקייט אָנצונעמען די תורה. (מכילתא).

---

## אַז מען רעדט ניט קיין שלעכטס אויף'ן לאַנד.

סנחריב, דער קעניג פון אשור האָט געפירט קריג געגען יהודה און באַלאַגערט ירושלים, דאָך האָט ער זוכה געווען, אַז עזרא הסופר זאָל איהם אָנרופען „אנספר רבא יקירי״ — דער וויכטיגער טייערער הערשער, דאָס אַלץ איז געווען דערפאַר ווייל ער האָט ניט גערעדט קיין שלעכטס אויף ארץ־ישראל.( סנהדרין צ״ד).

---

## די פרוכטען פון ארץ־ישראל..

די ארץ־ישראל פרוכטען זענען די לייכסטע צו פאַרדייען. (ספרי).

---

## דאָס לאַנד איז מגין.

ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, איז דאָס לאַנד מכפר אויף זיינע זינד. (רבי עקיבא).

---

## זייערע שיחות־חולין.

אפילו שיחת חולין של בני ארץ־ישראל צריכה תלמוד — אפילו די געווענדליכע, פּראָסטע רייד פון די ארץ־ישראל געלערנטע, האָבען אַ הויכע באַדייטונג. (ויקרא רבה).

---

## די טויב און דאָס אידישע פאָלק.

כשם שהיונה שבה אל התיבה, כך ישראל עתידים לשוב לארצם מן הגלות — פונקט ווי די טויב האָט זיך אין די צייטען פון נח צוריקגעקערט צו דער תיבה, אַזוי אויך וועלען אידען צוריקקערען צו זייער נעסט און קומען אין לאַנד ישראל. (מדרש אגדה, פ׳ נח).

---

## די אַמאָליגע עולי רגל.

דריי מאָל אין יאָר פלעגען אידען גיין קיין ירושלים אויף יום־טוב: פסח, שבועות, סוכות. זיי פלעגען פאַרלאָזען די הייזער און גיין מיט דער גאַנצער פאַמיליע און עס האָט קיינמאָל נישט פאַסירט אַז

די עולי רגל זאָלען ליידען שאָדען. איינמאָל, האָט איינער, אַוועקגייענדיג קיין ירושלים, פאַרגעסען צו פאַרשליסען דאָס הויז. צוריקקומענדיג נאָך יום־טוב, האָט ער געזעהן ווי אַ שלאַנג הענגט אויף די רינגען און היט די שטוב.

צוויי ברודער, גבירים, זענען געווען אין אשקלון און נעבען זיי האָבען געוואוינט שלעכטע שכנים גויים, וועלכע האָבען געוואַרט אויף דער צייט, ווען די ברידער וועלען גיין עולה זיין — וועלען זיי אַריין אין הויז און צונעמען דאָס גאַנצע האָב און גוטס. זענען געקומען מלאכים אין געשטאַלט פון די ברידער און די גאַנצע צייט זיך ארומגעדרייט אין הויז. צוריקקומענדיג, האָבען די ברידער געבראַכט פאַר די שכנים מתנות פון ירושלים. פרעגען יענע: וואו זענט איהר ד'ען געווען? אין ירושלים אויף יום־טוב. — ווען זענט איהר אַוועק און ווען צוריק־געקומען? — דעם און דעם טאָג. — ווען האָט איהר געלאָזען אין הויז? — קיינעם נישט. האָבען די גויים פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט פּאַסירט אַ נס און געזאָגט: געלויבט איז דער אידישער ג־ט וואָס פאַרלאָזט זיי קיינמאָל נישט. (אגדות חז"ל).

## דאָס הייליגסטע לאַנד.

ארץ־ישראל מקודשת מכל הארצות (כלים פרק א׳) — ארץ ישראל איז הייליגסטע, דאָס ריינסטע און אידיאַלסטע לאַנד. (שנה, כלים פרק א).

## ניין מאָס חכמה.

צעהן מאָס חכמה איז אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט, ניין מאָס האָט גענומען ארץ־ישראל און איין מאָל די גאַנצע וועלט. (קדושין מ"ט).

## עס קומט אָן מיט יסורים.

דריי זאַכען זענען אידען געגעבען געוואָרען דורך יסורים — די תורה, עולם־הבא און ארץ־ישראל. (ברכות ה׳).

## באַליבט ביי אַלע פעלקער.

הרי ארץ־ישראל חביבין על אומות העולם — די בערג פון ארץ־ישראל זענען באַליבט ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט. (חולין ס׳).

## געזיכערטע עולם־הבא.

ווער עס וואוינט אין ארץ־ישראל, זאָגט קריאת־שמע אינדערפרי און אין אָוונט און רעדט לשון־קודש, איז ער זיכער אַז ער וועט האָבען עולם־הבא. (ירושלמי שבת).

---

## גלגול־מחילות.

ר׳ סימאי זאָגט: דער רבונו של עולם וועט פאַר די מתים לעכערען די ערד און זיי וועלען זיך קייקלען, צוקומענדיג צו ארץ־ישראל וועלען זיי צוריק באַקומען זייערע נשמות און לעבעדיג ווערען. (ירושלמי כלאים ט׳).

---

## ווען אפילו זכות אבות קאָן נישט באַשטיין.

ווער עס פאַרלאָזט ארץ־ישראל און פאָרט קיין חוץ־לארץ, מעג ער אפילו האָבען זכות אבות, קאָן עס איהם נישט באַשטיין. (ב״ב צ״א).

---

## ווער איז אַ בן עולם־הבא ?

רבי מאיר זאָגט: דער וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל לייענט קריאת־שמע אינדערפרי און ביינאַכט און רעדט לשון־קודש, דער איז אַ בן עולם־הבא. (חז״ל).

---

## ניט פאַר פרעמדע.

„הארץ לא תתן כוחה לזרים״ — די ערד פון ארץ־ישראל וועט ניט געבען איהר קראַפט פאַר פרעמדע. (תורת־כוהנים).

---

##ביידע ירושלים׳ס.

רבי יוחנן האָט געזאָגט: השם יתברך האָט געשוואוירען: איך וועל ניט פריער אַריינקומען אין „ירושלים של מעלה״ (העכערען ירושלים), ביז איך וועל נישט צוערשט אַריינקומען אין דער „ירושלים של מטה״ (אונטערשטען ירושלים). (תענית ח).

## דאָס גלוסטיגע לאַנד.

„ארץ חמדה? מפני שחמדוהו אבות העולם" — פאַרוואָס ווערט דאָס לאַנד אָנגערופען דאָס „גלוסטיגע לאַנד?" ווייל די וועלט־טאַטעס האָבען געגלוסט דערנאָך. (מדרש תנחומא).

---

## ראַטעווען קען מען זיך נאָר אין ארץ־ישראל.

רבי חיא צוה לדורו: כשתשמעו שעמד עליך מלך עז פנים לא תשבו שם. אמרו לו: מרי, להיכן ננצל? אמר להם: לגליל העליון. — רבי חיא האָט אָנגעזאָגט צו די מענשען פון זיין צייט, אויב איהר וועט הערען אַז עס איז אויפגעשטאַנען אַ מחוצפ'דיגער קעניג, זאָלט איהר ניט בלייבען אין זיין לאַנד. האָבען זיי איהם געפרעגט: האר, וואוהין זאָלען מיר זיך ראַטעווען? האָט ער זיי געזאָגט: צום גליל העליון, צום אויבערשטען גליל. (לקח טוב פ׳ בלק).

---

## אַז מען לייגט צו אַ האַנד געשעהען ניסים.

רבי חנינא בן־דוסא האָט געזאָגט: אַלע מענטשען פון מיין שטאָט ברענגען נדבות קיין ירושלים און איך גאָרנישט? איז ער אַוועק אין דער מדבר, האָט דאָרט געזעהן אַ גרויסען, שווערען שטיין, האָט דעם שטיין שיין אַרומגעהאַקט און אַרומגעפוצט און אַ נדר געטאָן צו ברענגען דעם שטיין קיין ירושלים. ער האָט געפרופט אויפצוהויבען דעם שטיין אָבער עס איז פאַר איהם געווען צו שווער איהם צו רירען פון אָרט. פונדערווייטענס האָט ער געזעהן אַ גרופע אַרבייטער. האָט ער זיך געווענדעט צו זיי, זיי זאָלען איהם העלפען. די אַרבייטער האָבען פאַרלאַנגט פינף גילדען פאַר דער אַרבייט. רבי חנינא האָט אָבער נישט געהאַט קיין געלד. ג־ט האָט צוגעזעהן זיין צער און געשיקט פינף מלאכים פאַרשטעלט אַלס מענטשען. האָבען די מענטשען געזאָגט צו איהם: מיר וועלען דיר העלפען ברענגען דעם שטיין קיין ירושלים, נאָר מיט'ן תנאי דו זאָלסט צולייגען דיין האַנד צום שטיין. פלוצים, כהרף־עין און זי זענען אַלע געווען אין ירושלים. עס איז געקומען צום באַצאָלען האָט רבי חנינא נישט געהאַט. איז ער אַריין אין לשכת הגזית און דערציילט וואָס מיט איהם האָט פאַסירט. דאָרט האָט מען איהם געזאָגט: מלאכים האָבען געבראַכט דעם שטיין קיין ירושלים. (מדרש).

## ארץ־ישראל — אָדער אַ גט.

אויב אַ פרוי וויל פאָרען קיין ארץ־ישראל און דער מאַן וויל נישט, קען די פרוי איהם צווינגען זי צו גט'ן און ער איז מחויב איהר אויסצוצאָלען די כתובה. (כתובות קי).

## זייער כוונה.

„אותן ששאלו שלוח המרגלים לא נתכוונו אלא לבושתא של ארץ־ישראל" — די וואָס האָבען פאַרלאַנגט מען זאָל שיקען מרגלים, האָבען זיך מתכוון צו באַליידיגען ארץ־ישראל. (סוטה לב.).

## הויז און גאַס.

ארץ־ישראל נקראת בית, שאר ארצות — חוצות. ארץ ישראל ווערט אָנגערופען אַ הויז, אַנדערע לענדער ווערען אָנגערופען גאַסען. (מדרש שוחר־טוב).

## די חכמה האָט נישט קיין גלייכען.

אין תורה כתורת ארץ־ישראל ואין חכמה כחכמת ארץ־ישראל — נישטאָ אַזאַ תורה ווי די תורה פון ארץ־ישראל, און נישטאָ אַזאַ חכמה ווי די ארץ־ישראל'דיגע חכמה. (תורת־כוהנים).

## פאַרוואָס זיי זענען די ערשטע פאַרטריבען געוואָרען.

די חז"ל זאָגען אַז דעריבער זענען די צוויי מיט אַ האַלב שבטים ראובן, גד און די העלפט פון שבט מנשה די ערשטע געווען פאַרטריבען צו ווערען אין גלות, ווייל זעגענדיג רייך און ליב האָבענדיג געלד האָבען זיי ניט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזען חוץ־לארץ און קומען קיין ארץ־ישראל. (חז"ל).

## זייער שטראָף.

אבימלך מיט זיינע צוויי זין זענען באַשטראָפט געוואָרען ווייל זיי זענען אָרויסגעפאָרען פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ. (מדרש).

## ווען מען מעג הייסען שרייבען אום שבת.

הלוקח בית בארץ־ישראל, כותבין עליו אוני אפילו בשבת — **אַז איינער קויפט אַ הויז אין ארץ־ישראל, מעג מען הייסען שרייבען דעם קויף־טראַקטאַט אפילו אום שבת.** (חז״ל).

---

## אַ לייכטורם.

רבי הושעיא האָט געזאָגט: ירושלים איז פאַרבערייטעט צו זיין אַ לייכטורם פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט וואָס וועלען שטרומען צו איהר ליכט. (מדרש).

---

## קליין, און דאָך ליב.

אמר הקב״ה: „חביבה עלי כת קטנה בארץ־ישראל מסנהדרין שבחוץ־לארץ״ — השי״ת האָט געזאָגט: עס איז מיר ליבער אַ קליינע גרופּע אין ארץ־ישראל ווי די סנהדרין פון חוץ־לארץ. (חז״ל).

---

## מדבריות און פּאַלאַצען.

**עס איז בעסער צו וואוינען אין די וויסטע פלעצער, אין די מדבריות פון ארץ ישראל איידער צו וואוינען אין פּאַלאַצען אין חוץ־לארץ.** (חז״ל).

---

## דאָרט וואו אַלע אידען ווערען חברים.

אויף דעם פסוק: „עיר שחוברה לה יהדיו״, זאָגען די חז״ל — עיר שעושה כל ישראל חברים. ירושלים איז אַזאַ שטאָט וואָס פאַרבינדט אַלע אידען אַלס חברים. (חז״ל).

---

## אַז מען וואוינט אין ארץ־ישראל.

עס שטייט אין פסוק: „ו י ש ב ת ם בה ושמרתם לעשות את כל החוקים״. ווער עס ו ו א ו י נ ט אין ארץ־ישראל וועגט עס אַזוי פיל ווי דאָס האַלטען אַלע מצוות פון דער תורה. (ספרי, ראה).

## דער כבוש הארץ איז דוחה שבת.

„כשם שמילה דוחה את השבת, כך כיבושה של ארץ־ישראל דוחה את השבת" — פונקט ווי דאָס דורכפירען אַ ברית ווערט נישט געשטערט דורך דעם שבת, אַזוי אויך ווערט דער שבת נישט פאַרשוועכט דעמאָלט ווען עס האַנדעלט זיך איינצונעמען ארץ ישראל. (חז"ל).

---

## אַ דאָפּעלטער כח.

„העולה מבבל לארץ־ישראל כוחו נכפל", דער וואָס איז עולה פון בבל קיין ארץ־ישראל ווערט זיין קראַפט געדאָפּעלט. (חז"ל).

---

## ווען יעקב באַנוצט די שווערד.

אין מדרש רבה אויף פ' וישלח געפינט זיך פאָלגענדע אינטע־רעסאַנטע שטעלע: „לא היה יעקב אבינו רוצה שיעשו בניו אותו המעשה (מעשה שכם) וכיון שעשו בניו אותו מעשה אמר: מה אני מניח את בני ליפול ביד אומות העולם? מה עשה, נטל חרבו וקשתו ועמד לו על פתחה של שכם ואמר: אם יבואו אומות העולם להזדווג להם לבני אני נלחם כנגדן".

יעקב אבינו האָט נישט געוואָלט אַז זיינע קינדער זאָלען טאָן די דאָזיגע טאַט, נאָר זעענדיג אַז די קינדער האָבען די טאַט שוין אָפּ־געטאָן האָט ער געזאָגט: „זאָל איך לאָזען אַז מיינע קינדער זאָלען אַריינפאַלען אין גוי'אישע הענד?" וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט גענומען זיין שווערד און בויגען און זיך אוועקגעזעצט פאַרן טויער פון שכם און געזאָגט: אויב די אומות העולם וועלען זיך אַנטגעגען שטעלען געגען מיינע קינדער, וועל איך קעמפען געגען זיי. (מדרש פ' וישלח).

---

## ארץ־ישראל און דאָס פאָלק ישראל.

פאַראַן אַ מדרש: רבי שמעון בן־יוחאי האָט אַזוי געזאָגט: פונקט ווי גאָט איז אַרומגעגאַנגען מיט דער תורה צווישען אַלע פעלקער פון דער וועלט און זיי פאַרגעלייגט אַז זיי זאָלען אָננעמען די תורה און עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין פאָלק וואָס זאָלען זיין ראוי מקבל צו זיין די תורה נאָר דאָס אידישעפאָלק, אַזוי איז גאָט אַרומ־

געגאנגען צווישען אלע לענדער פון דער וועלט און האט נישט געפונען קיין איינציג לאנד וואס זאל זיין אזוי צוגעפאסט פאר׳ן פאלק ישראל ווי נאר דאס לאנד ישראל. (מדרש).

## א קינדערישע חכמה.

אין „מדרש איכה" ווערט דערציילט פאלגענדע שארפזיניגע חכמה פון א אידיש קינד אין ירושלים: דער תנא רבי יהושע איז געגאנגען שפאצירען, האט ער באגעגענט א קינד וואס האט געהאלטען אין דער האנד א פארדעקטע כלי. פרעגט דער תנא דאס קינד: „וואס טראגסטו אין דער פארדעקטער כלי?" נישט טראכטענדיג האט דאס קינד אויפ׳ן ארט איהם געענטפערט: ווען די מאמע וואלט געוואלט אז די פארבייגייער זאלען וויסען וואס איך טראג, וואלט זי מיר נישט געגעבען צו טראגען א כלי וואס זאל זיין פארדעקט. (מדרש).

## די שיינקייט פון ירושלים.

„עשרה קבים יופי ירדו לעולם, תשעה נטלה ירושלים ואחד כל העולם כולו". צעהן מעסטלעך שיינקייט איז אראפגעקומען אויף דער וועלט. ניין חלקים האט צוגענומען ירושלים און איין חלק די גאנצע וועלט. (קידושין מ"ט).

## חורבן און אויפבוי.

ווער עס גלוסט צו וואוינען אין ארץ־ישראל ווען ס׳איז וויסט, וועט זוכה זיין דארט צו וואוינען ווען עס וועט אויפגעבויט ווערען. (מדרש).

## געקושט די שטיינער.

ר׳ אבא מנשק כיפי דארץ־ישראל (כתובות קי"ב) ר אבא האט געקושט די שטיינער פון ארץ־ישראל.

## אחדות פירט צו גאולה.

נעשו בני ישראל אגודה אחת, התקינו עצמם לגאולה (מדרש). אויב אידען וועלען זיך פאראייניגען און ווערען איין בונד, דאן קאנען זיי זיך גרייטען צו דער גאולה. (מדרש).

## ווען מען מעג מחלל שבת זיין.

אין עירובין מ"ה ווערט געזאגט: „גויים שצרו על עירות ישראל — באו על עסקי נפשות יוצאים עליהם בכלי זינם ומחללים עליהם את השבת", אז פעלקער האבען באלאגערט אידישע שטעט און עס האנדעלט זיך וועגען נפשות, זאל מען זיי אנטקעגען גיין מיט וואפען און מען מעג וועגען דעם מחלל שבת זיין. (עירובין מ"ה).

## דער שיינער מנהג אין אמאליגען ארץ־ישראל.

אין דער גמרא ווערט דערציילט אין נאמען פון רבי שמעון בן גמליאל אז אין ארץ־ישראל פלעגט מען זיך נוהג זיין, אז דעם פופ־צענטען טאג אין אב האבען אלע מיידלעך זיך אנגעטאן אין ווייסע קליידלעך. די ארימע מיידלעך האבען זיך אויסגעבארגט קליידער פון די רייכע, און די רייכע האבען זיך איינגעקויפט נייע. די קליידער האבען געמוזט פריש געוואשען ווערען, כדי מען זאל נישט דערקענען קיין אונטערשייד פון געבארגטע און די געקויפטע און אזוי ארום נישט פארשעמען די ארימע מיידלעך. דעמאלט זענען די מיידלעך ארויס אין די ווייז גערטענער און געשריגען: בחור, שא עיניך! בחור, הויב אויף דיינע אויגען און קוק וואס די וועהלסט דיר אויס. לייג נישט קיין אכט אויף אויסערליכע שיינקייט, ווייל „שקר החן והבל היופי" — ווייל חן איז פאלש און אונזיניג איז שיינקייט. „אשה יראת ד' היא תתהלל" — נאר א ג־טס׳פורכטיגע פרוי איז ווערט געלויבט צו ווערען. (גמרא).

## דאס ליבע לאנד און פאלק.

**ג־ט האט געזאגט: איך וועל צוזאמענעמען די קינדער פון ישראל** וועלכע זענען מיר אזוי ליב און טייער און וועל זיי ברענגען אין דעם לאנד אריין וואס איז מיר אזוי ליב און טייער. (א"י). (מדרש).

## די איבערטראָגונג פון די גייסטיגע צענטערען.

עתידים בתי כנסיות ובתי מדרשות שבחוץ לארץ שיקבעו בארץ ישראל אלע אידישע גייסטיגע צענטערען פון גלות וועלען אריבער־געטראָגען ווערען אינ׳ם הייליגען לאַנד. (חז״ל).

---

## מען טאָר נישט רעדען קיין שלעכטס וועגען ירושלים.

די חז״ל דערציילען: „מעשה באדם אחד שהיה קורא הודע ירושלים את תועבותיה״ — עס האָט אַמאָל געטראָפען מיט איין מאַן וואָס האָט פאָרגעלייענט פאַר׳ן עולם די פסוקים אין וועלכע עס ווערט אויסגע־רעכענט די אומווירדיקייטען פון ירושלים און ער האָט דאָס ספּעציעל באַטאָנט. האָט איהם רבי אליעזר געזאָגט: „עד שאתה בודק בתועבות ירושלים, צא ובדוק בתועבות אמך״ — איידער דו גייסט נאָכפאָרשען די אומווירדיקייטען פון ירושלים, גיי ליבערשט און פאָרש נאָך די אומווירדיקייטען פון דיין אייגענער מוטער. „בדקו אחריו ומצאו בו שמץ פסול״ — מען האָט טאַקע אויסגעפאָרשט וועגען איהם און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז ניט אינגאַנצען אין אָרדנונג. (מגילה כה.),

---

## פאַרוואָס עמרי האָט זוכה געווען צו דער קרוין.

דער קעניג עמרי האָט זוכה געווען צו דער קרוין פון קעניגרייך, ווייל דורך איהם איז דער שטח פון ארץ־ישראל פאַרגרעסערט געוואָרען. (חז״ל).

---

## אַז מען פאַרזוימט צו קומען קיין ארץ־ישראל.

אויף דעם פסוק „קום עלה בית־אל ושב שם״ — גיי קיין ארץ־ישראל און זיץ דאָרט, ווערט געבראַכט אין מדרש: השי״ת האָט געזאָגט צו יעקב׳ן: „לפי שאחרת בדרך נענשת״, ווייל דו האָסט פאַרשפּעטיגט, אָפּשטעלענדיג זיך אויף׳ן וועג און זיך פאַרזוימט צו קומען וואָס שנעלער אין דיין לאַנד, איז אויף דיר נגזר געוואָרען די שטראָף מיט דינה׳ן. אין דיין אייגענער היים, אין ארץ־ישראל וואָלט מיט דיר אַזעלכעס נישט פּאַסירט. (מדרש תנחומא).

---

## ווען אידען וואַלטען זוכה געווען.

אלו זכו ישראל לשלשה ימים היו נכנסין לארץ, — ווען אידען וואַלטען זוכה געווען און ווערט געווען, וואַלטען זיי אין דריי טעג נאָך משה'ס ארונטערקומען פון הימעל מיט דער תורה גלייך אַריין קיין ארץ ישראל. (ספרי, פ' בהעלותך).

## די אונפרוכטבאַרע ביימער.

עתידין כל אילני־סרק שבארץ־ישראל שיטענו פירות (סוף כתובות) — צוליב דעם קדושה פון ארץ־ישראל וועלען אפילו די אילני־סרק, די אונפרוכטבאַרע ביימער זיין פרוכטבאַר. (חז"ל).

## ווען אידען קענען זיין זיכער.

„ושבכם לבטח ב א ר צ כ ם", נאָר אין אייער אייגען לאַנד קענט איהר זיין רואיג און זיכער, דאַגעגען אין אַנאַנדער לאַנד וועט איהר תמיד זיין אונרואיג און נישט זיכער. (ילקוט שמעוני).

## אַ לייכט־טורם.

אמר ר' הושעיא: עתידה ירושלים להעשות פנס לאומות העולם והם מהלכים לאורה (פסיקתא). האָט ר' הושעיא געזאָגט: ירושלים איז פאַרבעריייט צו ווערען אַ לייכטענדער פאַקעל פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלכע וועלען נאָכגיין איהר ליכט (פסיקתא).

## אַ ביסעל רואיקייט אין אייגענעם לאַנד.

ווען אידען זענען אַריינגעקומען קיין א"י האָבען זיי געזאָגט: „טוב מלא כף נחת בארץ הזאת ממלא חפנים בעבר הירדן" — עס איז בעסער איין הויפען רואיקייט אין דעם דאָזיגען לאַנד, איידער פולע צוויי הויפענס אויף דער צווייטער זייט ירדן. (ויקרא רבה פ"ג).

## דאָרט וואו דער מבול האָט קיין שליטה נישט געהאַט.

דער מבול האָט אַרומגענומען די גאַנצע וועלט אַ חוץ די ערד פון ארץ־ישראל. (זבחים קי"ג).

## זיך געוואַלגערט אין שטויב.

ר' חיא בר גמדא האָט זיך געוואָלגערט אינ'ם שטויב פון הייליגען לאַנד און זיך געקוילערט אויף דעם זאַמד פון'ם לאַנד פון די אבות. (חז"ל).

---

## מיינס צו מיינע.

אויף דעם פסוק: „זאת הארץ אשר תפול לכם לנחלה (במדבר) זאָגען די חז"ל: השי"ת האָט געזאָגט: דאָס לאַנד איז מיינס, די אידען זענען אויך מיין; איז דאָס בעסטע איך זאָל אָוועקגעבען מיינס צו מיינע. (מדרש).

---

## דער לעבעדיגער קוואַל.

עס שטייט: „באר מים חיים" — אַ קוואַל לעבעדיגע וואַסער — דאָס מיינט מען די תורה פון ארץ־ישראל. (ילקוט שמעוני).

---

## דער טאָל פון די ווייט־זעהער.

עס שטייט „גיא חזיון" (ישעיה כ"ב) דאָס מיינט מען אַ טאָל וואָס אַלע ווייט־זעהר קומען פון דאָרט. (מדרש).

---

## מען דאַרף ניט זוכען אין דער פרעמד קיין גליקען.

עס ווערט דערציילט: אַ תלמיד פון רבי שמעון בן־יוחאי איז אַוועק קיין חוץ־לארץ און איז פון דאָרט צוריקגעקומען אָנגעלאָדען מיט אַסך רייכקייט. ווען די אַנדערע תלמידים פון רבי שמעון האָבען געזעהן ווי ווייט זייער חבר האָט באַגליקט האָבען זיי אויך געוואָלט פאָרען קיין אויסלאַנד. האָט רבי שמעון זיי אַרויסגעפירט אין טאָל פון מירון און מתפלל געווען און דער פלאַץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט גאָלדענע מטבעות. רבי שמעון האָט דערמיט געוואָלט אָנדייטען, אַז מען דאַרף נישט גיין אין דער פרעמד זוכען גליקען, נאָר אין ארץ־ישראל אַליין איז פאַראַן די ברכה פאַר אידען. (מעשה).

---

## ערד, ערד, באַהאַלט דיינע פּירות...

די חז"ל דערציילען: רבי יהושע בן לוי האָט אַמאָל געזעהן ווי אַסך וויינטרויבען וואַקסען אין די גערטנער פון ארץ־ישראל, דעמאָלט ווען דאָס לאַנד איז געווען פאַרלאָזט פון אידען. און ער האָט אויס־געשריגען מיט גרויס האַרץ־ווייטאָג „ארץ, ארץ, הכניסי פּירותיך! למי את מוציאה פּירותיך? לערביים הללו שעמדו עלינו", — ערד, ערד, באַהאַלט דיינע פּירות, פאַר וועמען גיבסטו אַרויס דיין פרוכט, פאַר די דאָזיגע אַראַבער וואָס שטעלען זיך אַנטקעגען אונז און שטערען אונז אויפצובויען אונזער היימלאַנד? (כתובות קי"ב).

---

## אַז מען פאַרשווייגט איינמאָל ארץ־ישראל.

אז משה רבנו האָט געהערט אַז עס איז נגזר געוואָרען ער זאָל שטאַרבען אין מדבר, האָט ער זיך אויסגעטענה'ט מיט'ן רבונו של עולם און געזאָגט: מאריה דעלמא כולא — האַר פון דער גאַנצער וועלט — פאַר וואָס האָבען יוסף'ס ביינער יאָ די זכיה באַגראָבען צו ווערען אין אר"ישראל און אויף מיר איז אויסגעגאָסען געוואָרען אזאַ שווערער גזר־דין נישט אַריינצוקומען אַהין?

— „כך עלתה מלפני" — האָט דער רבונו של עולם איהם געענ־פערט. אַזוי וועט עס זיין און נישט אַנדערש. ווען יוסף איז געווען פאַרוואָגעלט אין דער פרעמד און מ'האָט איהם געפרעגט פון וואַנען ער שטאַמט, האָט ער זיך נישט געשעמט מיט זיין לאַנד און געזאָגט קלאָר „מען האָט מיך אַוועק געגנב'ט פון אידישען לאַנד" — דערפאַר האָט יוסף טאַקע זוכה געווען און איז געקומען צו קבורה אין אידישען לאַנד. אָבער דו, משה, ווען ביזט געווען אין מדין און דו האָסט געהערט ווי די דאָרטיגע טעכטער האָבען זיך אויסגעדריקט וועגען דיר „אַן עגיפּטער האָט אונז געראַטעוועט פון דעם פאַסטוכ'ס הענד", האָסטו פאַרשוויגען די אָפּשטאַמונג פון דיין לאַנד, דעריבער איז אויף דיר נגזר געוואָרען ניט צו קענען נקבר ווערען אין אידישען לאַנד. (חז"ל).

---

## ווען זענען אידען אַ פאָלק.

„מי כעמך ישראל גוי אחד ב א ר ץ" ווען איז דיין פאָלק ישראל אַ פאָלק? נאָר אין ארץ־ישראל. (רבי שמעון בן יוחאי).

---

# דעפּענסיווע.

„בשעת חירום טוב שבמצרים הרוג". (מדרש).

---

## ביים לעבען אָדער נאָכ'ן טויט.

אין מדרש ווערט דערציילט: עולא איז אַוועק פון ארץ ישראל קיין בבל און האָט זיך דאָרט באַזעצט. ווען עס איז געקומען די צייט פון זיין פּטירה האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען. האָט מען איהם געפרעגט: „וואָס וויינסטו? מיר וועלען דיין קערפּער צוריק אַריבערפירען קיין ארץ־ישראל". דערויף האָט עולא געענטפערט: וואָס קומט מיר אַרויס דערפון? איך פאַרליר דאָך דעם פּערל מיינעם אין אַ אומרייין לאַנד! עס איז אַ געוואַלדיגער אונטערשייד ווען מען גיט צוריק די נשמה אין דער מוטער'ס שויס, צו אין דער שויס פון אַ ווילד־פרעמדע".

ווען מען האָט ר' אלעזר'ן מודיע געווען אַז „ארונו בא" אַז מען האָט געבראַכט עולא'ס ארון קיין ארץ־ישראל, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „עס איז אַ גאַר גרויסער חילוק צו די הייליגע ערד נעמט אויף דעם מענטש ביי זיין לעבען, צי ערשט נאָך זיין טויט". (מדרש).

---

## די אידישע גאולה קומט ביסלעכווייז.

אין ירושלמי ווערט דערציילט: ר' חייא און ר' שמעון בן רבי זענען געגאַנגען אויפ'ן וועג פרימאָרגען־צייט און זיי האָבען געזעהן ווי דאָס ליכט פון מאָרגענשטערען הויבט אָן אַרויסשיינען. האָט ר' חייאַ געזאָגט צו ר' שמעון'ען. פּונקט אויף אַזאַ אופן ווערט אויפ־שפּראָצען די גאולה פון פאָלק ישראל. צוערשט וועט זי קומען ביס־לעכווייז, ביסלעכווייז און וואָס מעהר וועט זי גרעסער און ליכטיגער ווערען, אַזוי בהדרגה'ווייז איז אויך פאָרגעקומען אין פרס. די גאולה האָט זיך אָנגעהויבען מיט „ויקח המן את הלבוש ואת הסוס", דערנאָך איז פאָרגעקומען דער אַקט „ומרדכי יצא מלפני המלך", און ערשט שפּעטער — „ליהודים היתה אורה" כך היא גאולתן של ישראל — אַזוי וועט קומען די אידישע גאולה. (ירושלמי).

---

## שכינה און ארץ־ישראל.

ר׳ יוסי בר חלפתא האָט געזאָגט צו זיין זוהן: „בני, אתה מבקש לראות את השכינה בעולם הזה, עסוק בתורה בארץ ישראל". מיין קינד, אויב דו ווילסט זעהן די שכינה אויף דער וועלט, זאָלסט לערנען תורה אין ארץ ישראל. (מדרש שוחר־טוב ק״ה).

---

## „הזאת נעמי"?

ווען נעמי איז צוריקגעקומען קיין „בית לחם" האָט די גאַנצע שטאָט געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג: „הזאת נעמי"? — איז דאָס די זעלבע אַריסטאָקראַטישע נעמי, וועלכע איז אַוועק פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ „שרגילה לצאת בצבים ופרדים, מה עלתה לה?" איז דאָס די וועלכע איז געווען געוואוינט אַרומצופאָרען אין די שענסטע קאַרעטען געשפּאַנט מיט מויל־אייזען, וואָס האָט זי דאָרט אויפגעטאָן אין חוץ לארץ? (בבא בתרא צ״ב, רש״י).

---

## דער מצב נאָכ׳ן חורבן בית־המקדש.

ר׳ פנחס בן יאיר זאָגט: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען גייען די געלערענטע מענטשען אַרום פאַרשעמט און די אַריסטאָקראַטען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. די איידעלע לייט זענען דערנידעריגט געוואָרען די נידעריגע פאַרשויגען זענען געוואָרען דאָס אויבערשטע פון שטויסעל. עס איז ניט פאַראַן קיינער צו וועמען מען קען זיך ווענדען, קיינעם אינטערעסירט גאָרנישט, קיינער קוקט זיך נישט אום: „אין לנו להשען אלא על אבינו שבשמים" — עס איז זיך נישטאָ אויף וועמען אָנצולעהנען נאָר אויף אונזער פאָטער אין הימעל אַליין. (סנהדרין פ׳ תלך).

---

## אָהן מזל ברכה.

נכסי דחוץ־לארץ אין להם מזל ברכה — די רייכטימער און גוטער וואָס אַ איד דערווערבט אין פרעמדע לענדער האָט ניט קיין מזל־ברכה. (חז״ל).

---

## די תורה און ארץ־ישראל.

אַ קעניג האָט געהאַט אַ זון וועמען ער האָט געוואָלט אוועקגעבען אַ חלק פון זיין פאַרמעגען, האָט ער זיך געטראַכט: אויב איך זיל עס איהם שוין אויפ׳ן מאָמענט געבען, וועט ער נישט וויסען ווי איין און ווי אויס, ווייל ער איז נאָכנישט דערצויגען און נישט געהעריג אַנטוויקעלט. זאָל ער זיך פריהער אויסלערנען שרייבען און רעכענען, זאָל ער צוערשט האָבען די געהעריגע ידיעות וועגען הויות העולם, ערשט דעמאָלט וועל איך איהם קענען אַנטרויען מיינע גיטער. דאָס זעלבע האָט ג״ט געזאָגט וועגען פאָלק ישראל, וועלכעס איז זיין געליבט קינד: צוערשט זאָלען זיי זיין פאַרגעבורייט צו לעבען אויף דער וועלט און ערשט נאָכדעם וועל איך זיי אַריינפירען קיין ארץ־ישראל (מדרש־רבה).

---

## בעסער אַ שטיקעל טרוקען ברויט אין אייגענעם לאַנד.

אין משלי שטייט: „טוב פת חרבה ושלווה בה״ — בעסער אַ שטיקעל טרוקען ברויט אָבער עס זאָל זיין מיט רוהיקייט, דאָס מיינט מען ארץ־ישראל. (מדרש משלי).

---

## אַלע מעגן גיין קיין ארץ־ישראל אָבער ניט אַלע קענען אַרויס פון דאָרט.

הכל מעלין לארץ־ישראל ואין הכל מוציאין, הכל מעלין לירושלים ואין הכל מוציאים, אחד אנשים ואחד נשים — אַלע קענען גיין קיין ארץ־ישראל, אָבער ניט אַלע מעגען אַרויסגיין; סיי מענער און סיי פרויען. (כתובות פרק י״ג).

---

## דער אַמאָליגער שמחת בית השואבה אין ירושלים.

ווער עס האָט נישט געזעהן דעם פראַכטפולען פאַראַד אין בית־המקדש, דער האָט קיין פריילעכקייט אויף זיין לעבען נישט געזעהן. די ערשטע נאַכט חול־המועד סוכות זענען די כוהנים אַריין אין עזרת־נשים און באַלויכטען די פיער גאָלדענע מנורות וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. עס איז נישט געווען קיין איין הויף אין ירושלים, וואָס זאָל ניט באַלויכטען ווערען פון דעם שיין פון בית־השואבה. פרומע לייט האָבען געטאַנצט מיט פאַקלען אין די הענד, און די לויים אויס־

געשטעלט אויף פופצען טרעפּ מיט כלי־זמר שפּילען און זינגען ביז האַלבע נאַכט. ווען עס איז געוואָרען פאַרטאָג איז מען אַרויס צום מזרח־טויער שעפּען וואַסער און דערביי געזונגען. „שעפּט וואַסער מיט פרייד פון די קוואַלען פון הילף". ביים געזעגנען זיך האָט מען זיך געוואונטשען: דער ג־ט פון ציון זאָל דיך מעגטשען און זאָלסט זעהן דאָס גליק פון ירושלים — קינדס־קינדער זאָלסטו דערלעבען — פרידען אויף ישראל!" (אגדות חז"ל).

---

## צוליב וואָס משה רבנו האָט זיך נישט געקאָנט באַרוהיגען.

פאַר די אַלע יאָרען וואָס משה רבנו איז געווען געצוואונגען צו וואוינען אין מדין האָט ער דאָרט קיין רו נישט געפונען, איהם האָט שטענדיג געפּייניגט דאָס באַוואוסטזיין און האָט געזאָגט: „אוי לי, שהנחתי את עמי ובאתי לגור עם אומות העולם" — וויי איז מיר, וואָס איך האָט פאַרלאָזט מיין פאָלק און בין געקומען וואוינען צווישען די פעלקער. (אבות דר' נתן כ').

---

## דער כח פון צדקה.

„אין ירושלים נפדית אלא בצדקה" — ירושלים וועט אויסגעלייזט ווערען נאָר דורך צדקה. (חז"ל).

---

## בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל.

„מי יתן לי אבר כיונה" — ווען מען גיט מיר פליגעל ווי אַ טויב וואָלט איך געפלויגען זוכען מנוחה (תהלים). זאָגען די חז"ל: נישט ווי אַנדערע פויגעל, וואָס נאָכדעם ווי זיי ווערען מיד פון אַסך פליען, לאָזען זיי זיך אַראָפּ רוהען אויף אַ שטיין, אָדער אַ בוים, ניין, איך וויל זיין ווי אַ טויב וואָס פליהט צוריק צו איהר נעסט. די טויב, האָטש זי איז שטאַרק מיד פון וועג, בלייבט זי נישט שטיין, נאָר פאַרמאַכט איין פליגעלע און פאָכעט מיטן אַנדערען און פליהט כסדר איהר וועג ווייטער. און אויך איך וואָלט אַזוי געפלויגען אַלץ ווייטער און ווייטער כדי צו קומען נענטער און נענטער צו מיין אייגען לאַנד. „אלינה במדבר" — נעכטיגען אין דער מדבר, ווייל עס איז [illegible]יר אַלץ ליבער צו נעכטיגען אין אַ מדבר וואָס זאָל זיין אין מיין אייגע[illegible] לאַנד, איידער צו געפינען מנוחה אין די שענסטע פּאַלאַצען פון דער פרעמד. (חז"ל).

## די תורה און ארץ ישראל זענען אונזערע עלטערען.

אין מדרש ווערט דערציילט: אַ קייזערליך פּאָר האָבען אַמאָל אַרויסגעשיקט פון פּאַלאַץ זייער אינגעען זון כדי ער זאָל קענען לערנען דאָס לעבען. ווען די עלטערען האָבען איהם צוריקגערופען האָט ער נישט געוואָלט פאָלגען זאָגענדיג אַז דער פויער און זיין פרוי פון דאָרף וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען זענען זיינע עלטערען, און דאָס דאָרף איז זיין היימאַט. — מיר האָבען אַ פאָטער און מוטער, דאָס איז ארץ־ישראל און די תורה. נאָכן חורבן בית־המקדש, האָט דאָס אידישע פאָלק, דער פּרינץ פון די אומות, פאַרגעסען אָן זיינע אמת׳ע עלטערען, זיך אַסימילירט און געגאָסען פון פרעמדע קולטורען, קערט צוריק צו אייער היימלאַנד, אייער פאָטער ארץ־ישראל און צו דער תורה, אייער אמת׳ע מוטער! (דרוש־וואָרט פון אַ מגיד).

---

## ארץ־ישראל און שבת.

„אם תאירו לפני נר של שבת, אני מאיר לפניכם נר של ציון״ — אויב איהר וועט אָנצינדען פאַר מיר דאָס ליכט פון שבת, וועל איך לייכטען פאַר אייך דאָס ליכט פון ציון. (חז״ל).

---

# זוהר

## דער מיטעלפּונקט פון דער וועלט.

„ארעא קדישא, אמציעותא דעלמא״ — דאָס הייליגע לאַנד איז דער מיטעלפּונקט פון דער וועלט. (זוהר, שמות קנ״ז).

---

## דאָרט וואו די שכינה רוט.

לא שריא שכינתא לבר מארעא קדישא (ספר הזהר) די שכינה רוט נישט אַחוץ דעם הייליגען לאַנד.

---

## אין א״י איז ניט פאַראַן קיין אָרט פאַר דער קליפּה.

אין ארץ־ישראל איז ניט פאַראַן קיין אָרט פאַר דער קליפּה, נאָר **אין זכות פון מצוות מילה וואָס די בני־ישמעאל האַלטען „עמדה להם**

לשלוט בא״י עד שתתם אותה הזכות״ — דאָס איז זיי בייגעשטאַנען אַז זיי זאָלען געוועלטיגען איבער ארץ־ישראל ביז דער דאָזיגער זכות וועט זיך פאַרענדיגען. (זוהר, חלק ב׳).

## אַ מאַן קען נישט צווינגען די פרוי צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

אויף׳ן פסוק „ויקח אברהם את שרי אשתו״ איז פאַראַן אין זוהר הקדוש פאָלגענדע שטעלע „מאי ויקח? אלא אמשיך לה במילי אוחרי בגין דלית ליה רשות לבר־נש למפיק איתתא בארעא בלי רעותה דיליה״. אברהם האָט צוגערעדט מיט איבערצייגענדע ווערטער זיין ווייב שרה זי זאָל צוזאַמען מיט איהם גיין קיין ארץ־ישראל, ווייל אַ מאַן טאָר נישט צווינגען זיין פרוי זי זאָל פאַרלאָזען דאָס לאַנד געגען איהר ווילען און גיין אין אַנדער לאַנד. (מעג עס אפילו זיין ארץ־ישראל.) (זוהר).

## די מורא צו ווערען אויס פירער.

ביי די מרגלים שטייט „אַלע זענען געווען מענטשען״ („כולם אנשים״) דאָס הייסט: זיי זענען געווען מנהיגים, פירער. זיי האָבען מורא געהאַט אַז קומענדיג קיין ארץ־ישראל וועלען זיי פאַרלירען די פירערשאַפט. (זוהר, פ׳ שלח).

## צוריק אָפּגעבען דעם פקדון.

ווער עס שטאַרבט אין ארץ־ישראל, איז ווי ער וואָלט צוריק אומגעקעהרט דעם פקדון צום בעל־הבית. (זוהר, ויקרא).

## שמחה און מורא.

אין איין פסוק שטייט „עבדו את ד׳ בשמחה״ — איהר זאָלט דינען ג־ט מיט שמחה, און אין איין פסוק שטייט „עבדו את ד׳ ביראה״. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? נאָר דער תירוץ איז: געפינט מען זיך אין ארץ־ישראל — דינט מען דעם אויבערשטען מיט פרייד, און איז מען אין חוץ לארץ דינט מען דעם אויבערשטען מיט מורא. (זוהר, במדבר).

## וואו מען קען ווערען אַן אדם השלם.

„ושבתי בשלום אל בית אבי" — און איך זאָל צוריקומען גאַנצער הייט צו מיין טאַטענס הויז — (שלום, פון לשון שלמות) נאָר אין הייליגען לאַנד קען מען ווערען אַן אדם השלם, אַ פאָלקאָמענער מענטש. (זוהר).

---

## וואו דער מלאך המות איז ניט שולט.

כל המתים בא"י לא מתים על־ידי מלאך המות — די וואָס שטאַרבען אין ארץ־ישראל איז עס נישט דורך'ן מלאך המות. (זוהר, תרומה).

---

## ישמעאל'ס טענה.

אין זוהר הקדוש ווערט געברענגט: פיער הונדערט יאָר נאָכ'ן חורבן איז אויפגעשטאַנען רהב, דער שר פון ישמעאל און האָט געטענה'ט פאַר הקב"ה: דו האָסט צוגעזאָגט אברהם'ן צוגעבען דאָס דאָזיגע לאַנד צו זיינע קינדער. איצט, אַז די אידען האָבען געזינדיגט און זענען פאַרטריבען געוואָרען, וואָלט געפּאַסט זאָלסט געבען דאָס לאַנד צו ישמעאל'ס קינדער, וועלכע שטאַמען אויך מזרע אברהם און זענען מקיים די מצווה פון מילה. די דאָזיגע טענה איז אָנגענומען געוואָרען. ביז צו דעם זמן פון דער גאולה, וועט דאָס לאַנד זיין אין באַזיץ פון די ישמעאלים, נאָר עס וועט זיין פוסט און וויסט (חרבה שוממה). (זוהר, פ' וארא).

---

## ירושלים וועט קיינמאָל נישט צעשטערט ווערען.

עס שטייט אין פסוק „השבעתי אתכם בנות ירושלים", „נשבע הקב"ה לבנות ירושלים שלא תהרס לעולם" — דער רבונו של עולם האָט געשוואוירען, אַז ירושלים וועט קיינמאָל נישט צושטערט ווערען. (זוהר).

---

## וואויל איז דער וואָס איז דאָס זוכה.

זכאה חולקיה מאן דזכי למיפק נשמתיה בארעא קדישא, דאתכפרא חוביו וזכי לאתקשרא תחות גדפי דשכינתא — וואויל איז דעם וואָס

איז זוכה זיין נשמה זאָל אויסגיין אין הייליגען לאַנד, ווייל דערמיט ווערען איהם זיינע זינד פאַרגעבען און ער איז זוכה אַזוי אַרום זיך צו פאַרבינדען אונטער די פליגלען פון דער שכינה. (זוהר).

## צוערשט קליין — דערנאָך גרעסער.

אויף דעם פסוק „מי זאת הנשקפה כמו שחר, יפה כלבנה, ברה כחמה" געפינט זיך אין זוהר פאָלגענדע אינטערעסאַנטע שטעלע: אלין ישראל, בזמנא דקב"ה יוהים לון ומפיק לון מן גלותא כדין יפתח לון פתחא נהירא דקיק זעיר — ולבתר פתחא דנהורא אחרינא רב מיניה עד קב"ה יפתח לון תרעין על־אין פתיחן לארבע רוחי־עלמא. דער זין דערפון איז: די דריי נעמען „שחר — מאָגענשטערען", „לבנה" און „חמה — זון" סימבאָליזירען די אידישע גאולה. ווען השי"ת וועט אויפריכטען דאָס אידישע פאָלק און וועט עס אַרויסנעמען פון גלות, וועט השי"ת איין אָנהויב מאַכען אַ דינע, קליינע טיר פון ליכטיקייט, דערנאָך אַ גרעסערע ליכטיקייט ווי פריער, און שפּעטער אַ גאַר גרויסע עפענונג פון ליכטיקייט פון די העכערע טויערען וועלכע וועט אַרויס־שטראַלען צו אַלע פיער עקען פון דער וועלט. (זוהר, אַנגעוויזען פון אַסטראָווער רבי).

## די אמת'ע געטליכקייט קאָן אַ איד פיהלען נאָר אין ארץ־ישראל.

משה רבנו האָט געזאָגט: „הגדתי היום לד' אלוקיך" עס שטייט דער אויסדרוק „אלוקיך" און נישט „אלוקינו", דעם טעם דערפון איז ווייל די אמת'ע געטליכקייט און דערהויבענקייט קאָן אַ איד פיהלען נאָר אין ארץ־ישראל, האָט דעריבער משה רבנו געזאָגט „אלוקיך", ווייל ער איז דאָך קיין ארץ־ישראל נישט אַריינגעקומען. (זוהר).

# תורה טייטשען און באַלויכטונגען

## אַ אומה הייסט מען דעמאָלט ווען מען האָט אַן אייגען לאַנד.

די אמת'ע אַנערקענונג פון ארץ־ישראל פאַר אידען, הויבט זיך אָן פון דעם מאָמענט ווען עס איז געזאָגט געוואָרען צו יעקב'ן „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה" — די ערד וואָס צו ליגסט אויף איהר וועל איך דיר געבען, און דאָס איז טאַקע דער טעם וואָס מיר רופען זיך „עם ישראל" אויף יעקב'ס נאָמען, ווייל רופען זיך אַלס פאָלק קען מען נאָר דעמאָלט ווען מען האָט אַן אייגען לאַנד; און דער צוזאָג פון אַן אייגען לאַנד איז דאָרגעשעהען ביי יעקב'ן וואָס זיין נאָמען איז אויך ישראל. (רבי חיים וויטאַל זצ"ל).

---

## אַ מצוות־עשה.

„וישבתם בה" — על דעתי צו מצוות עשה. (רמב"ן).

---

## וואַנדערונג און באַזעצונג.

„וירדו מאניותיהם וכו' על הארץ יעמדו" (יחזקאל כז. כ"ט) סוף כל סוף וועלען זיי אַראָפּגיין פון די שיפען וואָס סימבאָליזירט זייער וואַנדער־לעבען אין „על הארץ יעמדו" און זיי וועלען שטעלען פעסטע טריט אויפ'ן באָדען פון אייגענעם לאַנד. (ענפי צבי).

---

## אין וואָס איז באַשטאַנען די זינד פון די מרגלים ?

אין פלוג איז אונפערשטענדליך פאַרוואָס די מרגלים ווערען באַצייכענט אַלס „רשעים" ? זיי האָבען דאָך געזאָגט דעם ריינעם אמת ? (דער רמב"ן פרעגט די דאָזיגע קשיא). אויך משה רבנו אַליין האָט דאָך געזאָגט : „אתה עובר את הירדן, לבא לרשת גויים גדולים ועצומים ממך". נאָר איז דער תירוץ : די זינד פון די מרגלים איז געווען נישט אין דעם וואָס זיי האָבען איבערגעשעצט דעם שונא'ס כח נאָר אין דער אייגענער דערנידערונג און דאָס זיך קליין מאַכען („אינפעריאָריטי קאָמפּלעקס"). אויסדריקענדיג זיך „ונהי בעינינו כחגבים" — מיר זענען געווען אין אונזערע אויגען ווי היישעריקען ; דאָס וואָס זיי האָבען ניט געהאָט קיין גלויבען אין די אייגענע כוחות כדי צו קעמפען ווי העלדען פאַר'ן אייגענעם לאַנד, אין דעם איז באַשטאַנען די מרגלים'ס גרעסטע זינד. (מפרשים).

## צוויי בקשות.

אין דער הגדה זאגט מען „השתא הכא, לשנה הבאה בארעא דישראל" — דערמיט בעטען מיר צוויי בקשות, ערשטענס, אז אין אנדערען יאָר זאָלען מיר זוכה זיין צו זיין אין ארץ־ישראל, און די צווייטע בקשה איז — „השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין", מיר זאָלען דאָרט זיין פריי, נישט אונטער קיין פרעמדען יאָך, ווייל עס קען גאַנץ מעגליך זיין צו געפינען זיך אין ארץ־ישראל און דאָך נישט זיין קיין בן־חורין. (מפרשים).

---

## ווען דער אַלטער לייב וועט זיך אויפשטעלען.

„כעת, יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל, הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא". בלעם הרשע האָט פאָראויסגעזעהן די צוקונפט פון אידישען פאָלק, סיי די טרויעריגע צייט און סיי די גוטע צייט. ער האָט געזעהן די אידען אינ'ם פעריאָד פון זייער געפאַלענקייט און אומגליק, דורכמאַכענדיג דעם חורבן און אומקום פון זעקס מיליאָן קדושים און אַלע אַרומיגע צוקוקערס וועלען פרעגען: — יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל? אידען, וואָס האָט ג־ט פאַר אייך געטאָן אין אַזאַ ביטערע צייט? און בלעם האָט אויך געזעהן די צייט, ווען באַלד נאָך די שווערע קאַטאַסטראָפע — „הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא", ווען די איבערגעבליבענע רעשטען אידען וועלען זיך מיט איין מאָל געבען אַ שטעל אויף ווי אַ לעמפּערט און ווי אַן אַלטער לייב, וועלכער וואָס עלטער ער ווערט איז ער אַלס שטאַרקער, וועט זיך ישראל אַ הויב אויף געבען און פירען אַ העלדישען קאַמף פאַר אַן אייגען ארץ־ישראל מיט דער הילף פון אַלמעכטיגען ג־ט. (אַ דרוש־וואָרט).

---

## אידיש פאָלק און א"י־באָדען

„וכפר אדמתו עמו" — דאָס אידישע פאָלק דאַרף מתקן זיין די זינד וואָס עס איז באַגאַנגען מיט'ן פאַרנאַכלעסיגען דעם באָדען פונ'ם הייליגען לאַנד. (הרב יצחק הערצאָג, רב הכולל פון א"י).

---

## דער ווייטער בליק פון „אור־החיים" זצ"ל.

דער „אור־החיים" אין זיין פירוש אויף תורה אין פ' בלק, רעדענדיג וועגען דער צוקונפטיגער אידישער גאולה שרייבט דאָרט

צווישען אַנדערען פאָלגענדע האַראַקטעריסטישע ווערטער וועגען אידי־שען ווידערשטאַנד: ווען דאָס אידישע פאָלק וועט מאַכען דעם ערשטען ווידערשטאַנד אָפּצושלאָגען די אַטאַקעס פון די שונאים, וועלען זיי אַרויסווייזען וואונדערליכע גבורה און זייער זיג וועט זיין אַזוי שטאַרק אַז עס וועט אַרויסרופען די גרעסטע באַגייסטערונג ביי די אומות־העולם.

טראָץ דעם, וואָס די אידען שמאַכטען שוין אַזוי לאַנג אין גלות, ווערענדיג געפּייניגט און אונטערדריקט פון פאַרשידענע זייטען — און טראָץ דעם וואָס אידען וועלען דאַרפען קעמפען אין אַסך מלחמות, דאָך וועט דאָס זיי נישט אָפּשוואַכען. אדרבא ואדרבא, זיי וועלען נאָך זיין געשטאַרקט און געקרעפטיגט. ישראל'ס אַנזעהן ביי די אומות־העולם וועט שטייגען וואָס אַמאָל מעהר און וועט אַרויסרופען כבוד און פאַרערונג אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט. (אור־החיים, פ' בלק).

## באַדליי אָהן שיך — אבי אין ארץ־ישראל.

די חז"ל זאָגען: „לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו ויקנה מנעלים לרגליו" — אַ מענטש זאָל פאַרקויפען אַלץ וואָס ער האָט און זאָל זיך קויפען שיך צו די פיס. פון דעם מאמר חז"ל קאָן מען זיך פאָרשטעלען אַז אין אַמאָליגע צייטען איז שיך געווען דער נויטיגסטער און וויכטיגסטער געגענשטאַנד. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל ווערט געזאָגט: „של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר אה עומד עליו אדמת קודש הוא" — דאָס הייסט, ווען מען גייט באַטרעטען די „אדמת־קודש" די הייליגע ערד, דאַן איז „של נעליך מעל רגליך", איז ווערט צוליב דעם צוועק פון אַלעם זיך צו אַנטזאָגען צו בלייבען אפילו אָהן שיך, אבי אין ארץ־ישראל זיך צו באַזעצען. (מטה אהרן).

## זעהן נאָר די גוטע זייט.

„אעברה נא ואראה את הארץ הטובה", משה רבנו האָט געבעטען אַז השי"ת זאָל איהם ווייזען „את הארץ הטובה" די גוטע זייט, די פּאָזיטיווע שטריכען און נישט די נעגאַטיווע זייט פון לאַנד. (אַ דרוש־וואָרט).

## דער בן־יחיד.

ס'איז אַ משל — זאָגט דער דובנער מגיד — צו איינעם, וועלכער האָט געהאַט אַ בן־יחיד און גלייכצייטיג האָט ער אויך ער־צויגען ביי זיך אין הויז אַ פרעמדען יתום. לימים האָבען דיביידע קינדער שווער געזינדיגט, אָפּגעטאָן אַ מיאוסע מעשה, און דער פאָטער איז אין כעס געוואָרען און האָט באַשלאָסען זיי שטרענג צו באַשטראָפען: דעם בן־יחיד זיינעם האָט ער געשלאָגען מכות נמרצות, דעם פרעמדען יתום דאַגעגען האָט ער אינגאַנצען פון שטוב אַרויס־געטריבען.

און דאָס זאָגט דער פסוק: „ולא תקיא הארץ אתכם בטמאכם אותה, כאשר קאה את הגוי אשר לפניכם", די פרעמדע אומות האָט דאָס לאַנד פאַר זייערע זינד אינגאַנצען אויסגעשפּיגען און אַרויסגעטריבען פון זיך, ביי אייך דאַגעגען וועט זיין: „כי כל אשר יעשה מכל התועבות האלה ונכרתו הנפשות העושות מקרב עמם", איהר וועט שטרענג באַשטראָפט ווערען, פאַראורטיילט ווערען צו כרת, אָבער איהר וועט נישט אויסגעשפּיגען ווערען פון לאַנד, זי וועט נישט איבעררייסען מיט אייך די באַציהונגען און נישט פאַרשליסען פאַר אייך אויף שטענדיג די טויערען, ווארום „אני ד' אלקיכם", איך בין אייער ג־ט, אייער פאָטער, און אַ פאָטער פאַרטרייבט נישט פון זיך זיין קינד, זיין בן־יחיד, אויף שטענדיג.

---

## יודען וועלען ווערען דערהויבען

עס שטייט „וירוממוך לרשת ארץ" (תהלים ל"ז), דער זין דערפון איז, אַז איידער אידען וועלען באַקומען די פולשטענדיגע ירושה פון ארץ־ישראל וועלען זיי ווערען דערהויבען. עס וועט זיי זיין גוט און אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלען זיי אָנערקענען. (רבי ר' בונם פשיסחער זצ"ל).

---

## אַ לאַנד וואו מען דאַרף שטייגען.

ארץ אוכלת יושביה — ארץ ישראל דולדעט נישט קיין „יושבים", קיין פאַרגליווערטע „זיצערס". דאָרט דאַרף מען תמיד זיין אין דער בחינה פון הולכים און עולים, געהן מחייל אל חייל, — דאָרט דאַרף מען האַלטען אין איין שטייגען צו הויכקייט. (אָסטראָווצער רבי זצ"ל).

---

## דעם רבונו של עולמ׳ס דעקלאַראַציע.

ווען די „באַלפור־דעקלאַראַציע״ איז געגעבען געוואָרען האָט א רב, א גרויסער חובב ציון, געזאָגט אין אַ דרשה:

אונזער אמת׳ע ישועה וועט קומען דאַן, ווען עס וועט פאַרווירקליכט ווערען די פייעליכע דעקלאַראַציע וועלכע דער רבונו של עולם האָט געגעבען צו אברהם אבינו: „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה כי לך אתננה ולזרעך עד עולם״. אָט די דעקלאַראַציע פון לאָרד בורא־עולם איז די בעסטע און געזיכערטע...

---

## מען דאַרף נאָר זעהן דאָס גוטע.

אויף ארץ־ישראל דאַרף מען נישט זוכען קיין פעהלערען און מען דאַרף נאָר זוכען דאָס גוטע. דאָס איז דער זין פון פסוק: „וראה בטוב ירושלים״ — זאָלסט זיך באַמיהען צו זעהן נאָר דאָס גוטע פון ירושלים. (הרב ר׳ יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל).

---

## פאַרוואָס מיר האָבען פאַרלוירען אונזער פאָטערלאַנד.

אויף דעם פסוק: „על מה אבדה הארץ״ טייטש רבי מרדכי באַנעט בדרך רמז: צוליב דעם „מה״, צוליב דעם וואָס מיר האָבען זיך געהאַלטען קליין און נישטיג און געוועזען בבחינת „מה״ זאָגענדיג „מה אנו ומה חיינו״ — אבדה הארץ — האָבען מיר פאַרלוירען אונזער פאָטערלאַנד. (רבי מרדכי באַנעט).

---

## אַ טייערער פרייז.

שמעה ותשמח ציון ותגלנה בנות יהודה למען משפטיך ד׳ (תהלים צ״ז). צוליב די שרעקלעכע משפטים און וויסטען חורבן וואָס דער באַשעפער האָט געטאָן צום אידישען פאָלק, וועט זיך ציון פרייען. אַלע מלוכות וועלען אָנערקענען אַז ציון וירושלים געהערען צום אידישען פאָלק און עס וועט געלעזט ווערען די ארץ־ישראל פראַגע לטובת אידען פאַר דעם טייערען פרייז פון די משפטים פון זעקס מיליאָן אומגעקומענע אידען. (דרוש־וואָרט).

---

## וועגן צעטיילונג.

אויף דער לעצטער כנסיה הגדולה וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דער בלוטיגער מלחמה אין מאַרינבאַד און עס האָט זיך דאָרט געהאַנדעלט וועגן אָננעמען דעם חלוקה־פּלאַן האָט דער גערער רבי זצ״ל נישט אַרויסגעזאָגט זיין שטעלונג נאָר ציטירט פאָלגענדען פּסוק: „וקבצתי את כל הגוים והורדתים אל עמק יהושפט ונשפטתי עמם שם על עמי ונחלתי ישראל אשר פזרו בגוים ואת ארצי חלקו״ (יואל ד׳, ב׳) — איך וועל איינזאַמלען אַלע פעלקער און וועל זיי אַראָפּנידערען אין טאָל פון יהושפט און איך וועל זיך דאָרטען משפט׳ן מיט זיי פאַר מיין פאָלק און אַרב ישראל ווענען זיי האָבען צושפּרייט צווישען די פעלקער און צעטיילט מיין לאַנד.

---

## צופיל וועגען.

„דרכי ציון אבלות״ (איכה) עס שטייט „דרכי״ אַ לשון רבים (וועגען). דאָס טרויעריגע איז וואָס בנוגע ציון זענען פאַראַן אַסך וועגען און ריכטונגען און נישט איין וועג, איין אידעאַל (בשם גדול אחד).

---

## אַ „יחסן״.

די גמרא זאָגט (קדושין): „עשרה יוחסין עלו מבבל, כהני, לווי, ישראלי, חללי, גיורי, וחרורי, וממזרי וכו׳״. אָט דער מאמר דייטעט אָן, אַז נישט נאָר די כהנים און לוים וועלכע זענען אמת׳ע „יחסנים״ האָבען דעם הויכען טיטול, נאָר אויך די וואָס ווערען אויסגערעכענט ביים סוף פון מאמר האָט דעם דאָזיגען טיטול, ווייל קוים באַזעצט זיך אַ איד אין א״י מעג ער זיין דער ערגסטער, בעקומט ער די מדרגה פון אַ „יחסן״. (משל ומליצה).

---

## דער אָנהויב פון אונזערע זינד.

„וימאסו בארץ חמדה״ — זיי האָבען פאַראַכטעט דאָס גלוסטיגע לאַנד (תהלים ק״ו, כ״ד). דאָס איז דער אָנהויב פון אונזערע זינד. (ספר חרדים).

---

## אַז ירושלים וועט געהאָלפען ווערען.

לא תהי' משכלה ועקרה בארצך. את מספר ימיך אמלא. (עס וועט ניט זיין ביי דיר קיין פאַרוואַרפונג און קיין עקרה אין דיין לאַנד); וואָס פאַראַ שייכות האָבען די ווערטער: „את מספר ימיך אמלא", די צאָל פון דיינע טעג וועל איך פאַרפילען צו דעם אָנהויב פון פסוק? נאָר איז דער תירוץ פאָלגענדער: אין תנ"ך ווערען אויסגערעכענט זיבען עקרות, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין קינדער: שרה, רבקה, רחל, חנה, צללפינית, שונמית און אויך ירושלים ווערט אָנגערופען עקרה „רני עקרה לא ילדה". די זיבען עקרות זענען אַנטקעגען די זיבען טעג פון דער וואָך. ירושלים איז כנגד שבת. די זעקס עקרות זענען שוין לאַנג געהאָלפען געוואָרען נאָר די זיבעטע, דאָס איז ירושלים, איז נאָך ניט קיין געהאָלפענע. דאָס מיינט דער פסוק: לא תהי' משכלה ועקרה בארצך אַז דיין לאַנד, ירושלים וועט ניט זיין מער קיין עקרה, דאַן את מספר ימיך אמלא, וועט די צאָל פון טעג פאַרפילט ווערען. אויך דער שבת, ירושלים, וועט איינגערעכענט ווערען אין די טעג פון דער וואָך. (קבלה־ספר).

---

## מען דאַרף מקיים זיין אויך די אַנדערע העלפט פונ'ם פסוק.

אַ משכיל און ליבהאָבער פון א"י און לשון־הקודש האָט אַמאָל געפרעגט דעם נצי"ב פון וואָלאָזשין: אין ירושלמי איז פאַראַן אַ מאמר אין וועלכען עס ווערט געזאָגט „הדר בארץ ישראל ומדבר בלשון־הקודש מובטח לו שהוא בן עולם־הבא" (אַז מען וואוינט אין א"י און מען רעדט לשון־קודש איז מען געזיכערט מיט עולם־הבא) און ביי אייך אָרטאָדאָקסען איז צו מערקען אַזאַ גלייכגילטיקייט צו אָט די מצוה, היתכן? — איהר האָט גאַנץ רעכט — האָט איהם דער וואָלאָזשינער אַ ענפער געגעבען — אָבער וואָרים האַלט איהר, משכילים נאָר פון די ערשטע העלפט פון אָט דעם מאמר און נישט פון די צווייטע העלפט אין וועלכע עס שטייט: והקורא קריאת־שמע שחרית וערבית?

---

## מיט ג־ט'ס הילף.

אַ רב האָט איינמאָל באַזוכענדיג ארץ־ישראל צוגעזעהן ווי די חלוצים אַרבייטען מיט'ן שוויים אויף'ן שטערען די ארץ־ישראל פעלדער, האָט ער צו זיי געזאָגט: „ד' ילחם לכם" ג־ט וועט אויך

געבען ברויט (פון לשון „לחם" ברויט). אבער „ואתם תחרישון", איהר זאגט אקערען. (פון לשון חרוש). (געהערט).

---

## תשובה צום אייגענעם לאנד.

דאס וואס עס ווערט געזאגט: „כלו כל הקיצים ואין הדבר תלוי אלא בתשובה", ווערט דערמיט געמיינט אז נישט נאר מען דארף תשובה טאן צו ג־ט, נאר אויך אן אלגעמיינער צוריקקער. אלע אידען **זאלען תשובה טאן און צוריקקערען צום ארץ־אבות.** (הרב ר' יהודה חי אלקלעי).

---

## דער רבונו של עולם איז א בטוח.

בשעת דער „באלפור־דעקלאראציע" ווען אין אלע אידישע קרייזען האט מען געזונגען הלל הגדול לכבוד דעם דאזיגען געשעעניש, איז דער „חפץ־חיים" זצ"ל געווען גלייכגילטיק און האט גארנישט **אנטייל גענומען איך דעם אויסברוך פון פרייד וואס עס האט ארומ־** גענומען אפילו פרומע עלעמענטען. אויף דער פראגע פון איינעם פון זיינע מקורבים, וועגען דער סיבה פון זיין שטילשוויגען, האט דער חפץ־חיים געענפערט מיט פאלגענד אינטערעסאנט משל:

„א רייכער איד האט זיך אנגעבארגט א סך געלד ביי פארשידענע מענטשען און אין א קורצע צייט ארום האט ער באנקראטירט. פון אלע זייטען האבען זיך א שיט געטאן די מענטשען ביי וועלכען ער האט זיך געבארגט דאס געלד, נאר איין איד איז דארט געווען וואס אויך איהם איז דער רייכער סוחר שולדיג געוועזן א סך געלד און דאך איז ער נישט געגאנגען און נישט געלאפען צו איהם מאנען. אויף דער פראגע פון זיינס א פריינד די סיבה פון זיין שטילשוויגען האט ער געענפערט: זיי, די אנדערע האבען וויניג צוטרוי צום רייכען סוחר דעריבער לויפט יעדער פון זיי האטש עפעס אפצוראטעווען. איינער רייסט ארויס ביי איהם א צוואנציג פראצענט און דער א דרייסיג פראצענט א. א. וו. איך, אבער, וויס אז ערגיץ־וואו האט דער סוחר באהאלטען א סך געלד און איך בין זיכער אז ער וועט מיר אפגעבען די גאנצע סומע וואס ער איז מיר שולדיג".

אויך דער רבונו של עולם — האט דער חפץ־חיים פארענדיגט — ער איז א גרויסער בטוח און איך בין זיכער אז ער וועט בקרוב מקיים זיין די הבטחה: „לזרעך אתן את הארץ!" (חפץ־חיים).

## שווייגען, און נישט באַרעדען.

„ואתם תחרישון" (און איהר זאָלט שווייגען). משה רבינו בעט די אידען צו שווייגען און נישט באַרעדען די וואָס קעמפּען פאַר דער פרייהייט פון אַן אייגען ארץ־ישראל און זיי נישט חושד זיין אַז דערמיט זענען זיי דוחק דעם קץ. (הרב אהרנסאָן ע"ה, רב הכולל פון תל־אביב).

---

## דער אונטערשיד.

דער אונטערשיד פון דעם וואָס אידען געפינען זיך אין גלות און האָבען דאָרט אויסצושטייין צרות און פאַרפאָלגונגען צו די צרות און פחדים וואָס זיי האָבען דורכצומאַכען אין ארץ־ישראל איז אויסגע־דריקט אין דעם פאָלגענדען מאמר חז"ל: „ניזוק ברשות המזיק, מזיק ברשות הניזוק". אַז מען פאַלט אויף זיי אַן אין גלות געפינט זיך דער באַשעדיקטער אינ'ם רשות פון שעדיגער, דאַגעגען אין ארץ־ישראל אַז זיי זענען אויסגעשטעלט אויף אַנפאַלען, דאַרף דער שעדיגער און אַנפאַלער קומען אינ'ם רשות פון'ם באַשעדיגטען. (בשם גדול אחד).

---

## נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע דערלייזונג.

מיר בעטען „על גאולתנו ועל פדות־נפשנו" דערמיט ווערט געמיינט נישט נאָר די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג און דערלייזונג, נאָר אויך די גאולה פאַר'ן נפש, פאַר די נשמה. (דרוש־וואָרט).

---

## הר ציון און הר סיני.

צוויי בערג פאַרנעמען אַ הויך אָרט אין אידישען לעבען, הר ציון און הר סיני. וויל מען זוכה זיין צו דער אמת'ער באַנייאונג און ווידערגעבורט פון אונזער לעבען, דאַרף מען זעהען אַז דער גלאַנץ פון הר סיני אויף וועלכען די תורה איז געגעבען געוואָרען זאָל זיך ענטפלעקען אויפ'ן הר־ציון. ציון זאָל זיין תורה'דיג. (דרוש־וואָרט).

---

## וואָס ארץ־ישראל קאָן נישט דולדען.

ארץ־ישראל אינה כשאר ארצות, אינה מקבלת עוברי עברה —

ארץ־ישראל איז נישט ווי אַנדערע לענדער, זי קען נישט אויפנעמען קיין בעלי־עבירה. (רמב״ן).

## די געגענזייטיגע שבועה.

אין דער צייט ווען די באַוועגונג פון חיבת־ציון האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטען אויך אין די רייהען פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזען, איז זי שטאַרק באַקעמפט געוואָרען דורך די דאַמאָלט אָנפירענדע קנאות׳דיגע רבנים, וועלכע האָבען געבראַכט אַלס באַווייז צו זייער שיטה דעם באַקאַנטען מאמר המדרש: השביע לישראל שלא ימרדו עול המלכיות (השי״ת האָט באַשוואָרען די אידען זיי זאָלען נישט רעוואָלטירען געגען דעם דרוק פון די פעלקער). דערויף האָט ר׳ בן־ציון אלפס, — וועלכער איז געוועזען אַ גרויסער חובב ציון — ציטירט דעם זעלבען מדרש אין וועלכען עס ווערט בפירוש געזאָגט: „נשבע לישראל שלא ימרדו עול המלכיות ונשבע למלכיות שלא יקשו עול על ישראל״. דאָס הייסט, אַז השי״ת האָט באַשוואָרען די מלוכות זיי זאָלען נישט אונטערדריקען די אידען. די שבועה איז אַגעגענזייטיגע און אַזוי ווי די פעלקער האַלטען נישט זייער פאַרפליכטונג, ווערט ממילא אויך דער אידישער צוזאָג בטל.

## די לופט פון ארץ־ישראל.

די ספרים הקדושים זאָגען: ווען משה רבנו וואָלט אַריינגעקומען קיין ארץ־ישראל, וואָלט דאָס לאַנד קיינמאָל נישט חרוב געוואָרען. אָבער די לופט פון ארץ־ישראל, וואָס משה האָט יאָ געזעהען פון דערווייטענס, איז שטענדיג געבליבען ביי זיין קדושה אפילו בזמן החורבן. דאָס וואָס די חז״ל זאָגען „אוירא דארץ־ישראל מחכים״ (ב״ב קנ״ב) — די לופט פון ארץ־ישראל מאַכט קלוג, — נעמט זיך טאַקע דערפון, וואָס אין דאָרטיגען אויר איז געבליבען דער קיום פון משה׳ס בליק. (ספרים).

## ווען מען ווערט אַ פאָלק.

„היום הזה נהיית לעם״ — היינט אינ׳ם טאָג דו נעמסט אויף זיך מיט אַ שבועה מקיים צו זיין די תורה, ווערסטו אַ פאָלק. אַ פאָלק,

אַ נאַציע ווערט מען נישט נאָר דעמאָלט ווען מען באַקומט אַ לאַנד אָדער אַ שפּראַך, נאָר דאַן ווען מען באַקומט אַ תורה, און ווען מען נעמט אויף זיך דעם עול־תורה. (רבי שמשון רפאל הירש ז״ל).

---

## אַ רמז וועגען ערד־ציטערניש.

אין פסוק שטייט (בחקותי כ״ו): „ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד״. פון דאַנען איז אַ רמז אַז אין ארץ־ישראל וועט ניט פּאַרקומען קיין ערד־ציטערניש. דער „ואין מחריד״ איז אַ המשך צום פרידיגען וואָרט „בארץ״ און די באַדייטונג דערפון איז: „ונתתי שלום בארץ״ די ערד גופא וועט זיין אין פרידענס־צושטאַנד, „ואין מחריד״, עס וועט צוליב די ערד קיינער נישט ציטערען — דאָס הייסט עס וועט נישט פאַרקומען קיין ערד־ציטערניש. (בשם גדול אחד).

---

## מען טאָר נישט זאָגען: אונמעגליך.

אויף דעם פסוק: „אפס כי עז העם היושב בארץ״ — אָבער דאָס פאָלק וואָס זיצט אין לאַנד איז צו שטאַרק — זאָגט דער רמב״ן, אַז די זינד פון די מרגלים איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זיי האָבען געזאָגט דעם אויסדרוק „אפס״ (פון לשון אפסות) „נישט״ „אונמעגליך״. בנוגע ארץ־ישראל טאָר נישט עקזיסטירען קיין שוועריקייטען, מען טאָר נישט זאָגען אַז עס איז מן הנמנע עס בייצוקומען. (רמב״ן).

---

## דאָס מאַטעריעלע און דאָס גייסטיגע ארץ־ישראל.

אין פסוק שטייט: „על הר גבוה עלי לך מבשרת ציון, הרימי בכח קולך מבשרת ירושלים״. הרב קוק ז״ל האָט דעם דאָזיגען פסוק אויסגעטייטשט אויף פאָלגענדען אופן: די „מבשרת ציון״ שטייט אויף אַ נידעריג אָרט, אָבער רעדן, רעד זי אויף אַ הויך קול. מיט דעם נאָמען „ציון״ ווערט געמיינט דער מאַטעריעלער מצב פון לאַנד, אין דער אויסדרוק „ירושלים״ ווערט באַצייכענט דער גייסטיגער צושטאַנד פון הייליגען לאַנד. וואָס שייך די עקאָנאָמישע דערפאָלגען פון דעם נייעם ישוב, ווערען זיי שוין צופיל פערשריגען פון דער „מבשרת ציון״, דער גרויסער פובליסיטי אַפּאַראַט די אַנפירער. עס וואָלט געווען זעהר געוואונטשען, אַז זיי זאָלען פאָלגען די עצה פונ׳ם

נביא און זיך שטעלען אויף א העכערען ניווא **ווי עס איז דער טרוקענער** סאציאלער מאטעריאליזם; דאגעגען אבער, דער גייסטיגער טייל פון אונזער ארבייט שטייט אויף א געהעריגע הויך און שטרעבט אויפ־צולעבען די אידישע נשמה צוזאמען מיט אונזער לאנד. אבער, די „מבשרת ירושלים", איר פובליסיטי אפאראט רעדט מיט א נידעריגען טאן און מיר מוזען איהר אויפמונטערען מיט די ווערטער פון נביא: „הרימי בכח קולך", הויב אויף מיט קראפט דיין שטים, פראקלאמיר אפען פאר דער וועלט אז דער אויבערשטער האט אויסדערוויילט ארץ־ישראל פאר זיין אויסדערוויילט פאלק און אזוי מוז עס בלייבען. (ה. זעליג, אינ׳ם נאמען פון הרב קוק ז"ל).

---

## ארץ־ישראל — א פרינץ.

**אויף דעם פסוק: „ולא תקיא הארץ אתכם בטמאכם אותה" (ויקרא** י"ח, כ"ח) זאגט רש"י: משל לבן מלך שהאכילוהו דבר מאוס שאין עומד במעיו אלא מקיאו, כך ארץ־ישראל אינה מקיימת עוברי עבירה (רש"י, דארט). פונקט ווי ביי א דעליקאטען פרינץ וועמען מען האט געגעבען צו עסען א שמוציגע זאך און ער קען דאס נישט געדייען אין זיינע געדערעם און ער מוז עס אויסברעכען, כך, אזוי איז מיט ארץ־ישראל, דאס לאנד קען נישט אויפהאלטען קיין בעלי עבירה. (רש"י).

---

## ווען דער קאמף האט א ווערט.

אין פסוק (פ׳ בהעלותך) שטייט: „כי תבואו מלחמה בארצכם על הצר הצורר אתכם והרעתם בחצוצרות". (און אז איהר וועט גיין אויף מלחמה אין אייער לאנד אקעגען דעם שונא וואס דריקט אייך, זאלט איהר שאלען אין די טרומייטען). תמיד, אין אלע מלחמות און פורעניות׳ן ווען דאס אידישע בלוט איז פארגאסען געווארען איז די בלוט־פארגיסונג געווען אומזיסט. אידען האבען געקעמפט פאר אנדערע פעלקער, אויף אנדערען באדען און פאר זיך אליין האבען די אלע קאמפען און אנשטרענגונגען קיין נוצען נישט געברענגט. ווען די מלחמה אבער ווערט געפירט „בארצכם" אין אייגענעם לאנד און פאר דעם אייגענעם לאנד, דאן ווען דאס אידישע בלוט ווערט פאר־גאסען אויף׳ן אייגענעם באדען, דעמאלט ערשט „והרעתם בחצוצרות", דעמאלט מעג מען טריאומפירען, טרומייטערן און שטאלצירען, נאר „בארצכם" האט דער קאמף א ווערט און א זין. (דרוש־ווארט).

## גוים טאָרען נישט עראָבערען ארץ־ישראל.

מען האָט געפרעגט רבינו נחשון גאון: די גויים האָבען איינ־גענומען ארץ־ישראל דורך מלחמה און דאָס דאַרף זיי געבען דאָס רעכט צו באזיצען דאָס לאַנד, ווייל דערמיט וואָס זיי האָבען עס „כובש״ געווען הייסט עס דאָך על פי דין אַן עכטער קנין. אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס ווערט דער „כבוש״ פון ארץ־ישראל באַטראַכט אַנדערש פון אַנדערע לענדער וואָס כבוש מאַכט על פי דין, יאָ פאַר אַ קנין? דערויף האָט דער גאון געענטפערט: „כבוש״ קען נאָר דאַמאָלט מאַכען פאַר אַ קנין, ווען עס איז פאַראַן נאָך אַ מיטעל דורך וועלכען מען קען קונה זיין, צום ביישפּיל: געלד. דאָרט וואו עס העלפט דער קנין דורך געלד העלפט אויך דער קנין דורך „כבוש״. ביי ארץ־ישראל, דאַגעגען, שטייט אין דער תורה „והארץ לא תמכר לצמיתות״ — דאָס לאַנד קען נישט פאַרקויפט ווערען אויף אייביג. ווען עס קומט יובל מוז דער קויפער דאָס לאַנד צוריקגעבען צום פאַרקויפער. ממילא, קען אויך דער פאַקט פון „כבוש״ נישט דערמעגליכען די גויים אַז זיי זאָלען דערמיט באַרויבען אידען פון זייער לאַנד. (רבנו נחשון גאון).

---

## די נעסט פון אידישען פאָלק.

די חז״ל זאָגען: כנסת ישראל נמשלה ליונה (ברכות נ״ג ע״ב) (דאָס אידישע פאָלק איז געגליכען צו אַ טויב). פונקט ווי עס איז ניט פאַראַן צווישען עופות קיין איין עוף וואָס זאָל זיין אַזוי געיאָגט ווי אַ טויב, אַזוי אויך איז ניט פאַראַן נאָך אַ פאָלק אויף דער וועלט וואָס זאָל זיין אַזוי געיאָגט און אונטערדריקט ווי דאָס אידישע פאָלק. און פונקט ווי אַ טויב דערקענט איהר נעסט און ווען זי זאָל פון דאָרט זיין דערוויַיטערט טויזענדער מיילען, שטרעבט די טויב אַלץ צוריק־צוקומען צו איהר נעסט, אַזוי אויך די כנסת ישראל, טראָגט דעם וואָס די אידישע נאַציע איז דערווייטערט פון איהר לאַנד טויזענדער יאָרען, דאָך האָט זי נישט אויפגעהערט צו בענקען און שטרעבען צוריקצוקומען צום היימלאַנד, צו ארץ ישראל. (הרב מ. יפה).

---

## יונג און אַלט.

„איזהו מטבע של ירושלים? דוד ושלמה בצד אחד, וירושלים עיר הקודש מצד אחד״ (בבא קמא צ״ז). די לאָזונג און אמת׳ע שיטה פון ירושלים איז „דוד ושלמה״, דוד, דער סימבאָל פון עלטערען דור און

שלמה, דער סימבאָל פון דער יוגענד. סיי דער טאַטע און סיי דער זוהן, דאַרפען גיין „בצד אחר" האַנד ביי האַנד, אין צוזאַמענשלוס פון כוחות און אין לעבענס־אנשויאונג יעדער לויט זיינע אייגענשאַפטען דעמאָלט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען די שטרעבונג וואָס הייסט ירושלים. (הרב ר' אהרן לעווין, ד' ינקום דמו).

---

## פאַרוואָס ירושלים איז חרוב געוואָרען?

די חז"ל זאָגען (שבת קי"ט): „ירושלים איז חרוב געוואָרען, ווייל מען האָט מחלל שבת געוועזען". איינער זאָגט: „ווייל מען האָט גע־שטערט קינדער זאָלען לערנען תורה". איינער זאָגט: „ווייל איינער דעם אַנדערען האָט נישט געשטראָפט". איינער זאָגט: „ווייל מען האָט מבזה געוועזען תלמידי־חכמים". אין דעם ספר „גנת חמד" ווערט דערויף געגעבען פאָלגענדע לאָגישע ערקלערונג: באמת זענען די אמוראים נישט מחולק איינער מיט'ן אַנדערען, נאָר יעדער איינער איז מפרש מיט זייגע ווערטער די אַרויסגעזאָגטע מיינונג פון דעם פריערדיגען אמורא און איינס איז געבונדען מיט'ן אַנדערען. די מאמרים דאַרפען אַזוי פאַרשטאַנען ווערען: באמת איז די הויפט סיבה פון חורבן ירושלים געוועזען דורך די שווערע זינד פון חלול־השבת, וואָס וועגט איבער די גאַנצע תורה, איי פאַרוואָס זענען אידען אַזוי געפאַלען אַז זיי זאָלען מחלל שבת זיין? ענטפערט דערויף דער אַנדערער, ווייל מען האָט ניט געגעבען די יוגענד קיין געהעריגע תורה־ערציאונג און דאָ ווי עס איז ניט פאַראַן קיין תורה איז ניטאָ קיין יראת־שמים. איי פון וואַנען זענען אידען געקומען צו אַזאַ געזונקענע מדרגה נישט צו געבען די יוגענד אַ תורה'דיגע ערציאונג, ענטפערט דער אַנדערער: דאָס איז דערפאַר ווייל איינער דעם אַנדערען האָט נישט געשטראָפט און די אָנפירער פון דור האָבען ניט אויסגעאיבט זייער גייסטיגען איינפלוס אויף די מאַסען. איז די פראַגע פאַרוואָס האָבען די מנהיגים ניט אויפגעקלערט די פאָלקסמאַסען וועגען די פרינציפען פון אידענ־טום? איז דער ענטפער, ווייל מען האָט מבזה געווען תלמידי חכמים און דער כבוד התורה איז געוועזען דערנידעריגט. (גנת חמד).

---

## אַז מען וואוינט אין אַרץ־ישראל איז מען ניט בחזקת רשע.

יעדער אידישער מענטש וואָס האָט געמאַכט ארץ־ישראל אַלס זיין וואוין־אָרט, איז אין דער בחינה פון אַ צדיק, ווייל אויב ער וואָלט

נישט געוועזן אין דער מדרגה פון אַ צדיק וואָלט איהם דאָס לאַנד נישט קולט געוועזן. אַ באַווייז דערויף איז וואָס ארץ־ישראל ווערט אָנגערופען „שער־השמים״ — דאָס הימלישע טויער — און אין וועלכע די ראשי־תיבות פון די לעצטע ווערטער — **צדיקים יבואו בו זענען:** „צבי״, און דאָס איז אַ רמז, אַז דער וואָס וואוינט אין **ארץ־ישראל** איז אַ צדיק. (טוב־הארץ).

---

## אַ רמז אויף דער היינטיגער צייט.

אויף דעם פסוק: „כה אמר ד׳ הנה אשא אל הגוים ידי״ (ישעיה מ״ט) זאָגט דער מצודת־דוד פאָלגענדע אינטערעסאַנטע ווערטער: „לרמז להם להביא את ישראל לארץ־ישראל,רצונו לומר, אעיר לבם על זאת״. מרמז צו זיין די פעלקער זיי זאָלען העלפען ברענגען די **אידען קיין ארץ־ישראל, מיינט צו זאָגען, איך וועל דערוועקען זייער** האַרץ וועגען דעם. (מצודת דוד).

---

## אַז „זיי״ וועלען אָנהויבען בלוטיגען.

„והי׳ הדם לך לאות על הבתים״ — און דאָס בלוט וועט זיין אַ צייכען אויף די הייזער. אויב די אידישע שונאים וועלען אויך בלוטיגען פונקט ווי די אידען, וועט דאָס זיין אַ סימן אַז מיר האַלטען ערב דער גאולה. און מען וועט האָבען אַן אייגען ארץ־ישראל. ערב בית־ראשון האָבען די מצרים געבלוטיגט, ערב בנין בית שני האָבען די שכנישע לענדער פון ארץ־ישראל געבלוטיגט. און ערב בנין בית שלישי וועלען די שונאי־ישראל פון געוויסע לענדער אויך בלוט פאַרגיסען. והי׳ הדם, — זייער בלוטיגען וועט זיין — לאות על הבתים, אַ סימן **אַז „בתים״ וועלען אויפגעבויט ווערען. (רבי מאיר דן פלאָצקי זצ״ל).**

---

## דער כח פון הייליגען לאַנד.

די חז״ל זאָגען: „הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוה״ — אַז איינער וואוינט אין חוץ־לארץ איז פונקט ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין ג׳ חס ושלום. אין פלוג איז אונפאַרשטענדליך דער אויסדרוק „דומה״ וואָס איז די באַדייטונג דערפון? נאָר דער זין דערפון איז, אַז אויב איינער איז אפילו פרום נאָר ער וואוינט נישט אין ארץ־ישראל, מעג ער

אפילו האָבען ג׳ אין הארצען, דאָך איז פאַראַן אַ סכנה אַז זיינע קינדער און קינדס־קינדער וועלען שוין בלייבען אויס אידען און ווערען ג־ט לאָז. דאַגעגען אין ארץ־ישראל, אויב ער האָט ניט קיין ג־ט אין הארצען, וועלען זיינע קינדער האָבען אַ ג־ט. (שם גדול אחד).

---

## וויסט, און דאָך הייליג.

פאַראַן נאַראָנים — שרייבט רבי משה חאַגיז — וועלכע דענקען אַז די וואָס וואוינען היינט אין ארץ־ישראל, זענען עובר אויף דער גזירה פון השי״ת: „ונתתי את עריכם חרבה״, אָבער דער וואָס באַהויפּטעט אַזוי איז אָדער אַ שוטה אָדער אַן אַפּיקורס, ווייל די חז״ל זאָגען בפירוש אויף דעם אַנדערען העלפט פסוק: והשימותי את מקדשיכם — אף על פי ששוממין, הן בקדושתן, — חאָטש זיי זענען וויסט, דאָך האָבען זיי אין זיך הייליקייט. (רבי משה חאַגיז).

---

## דריי זאַכען וואָס זענען איינס.

עס שטייט: „אחת שאלתי מאת ד׳״ — איינס האָב איך געבעטען ביי ג־ט — ר״ת פון „אחת״ מאַכט: ארץ־ישראל, חיי עולם־הבא, און תורה. די דריי מתנות וואָס ג־ט האָט געגעבען די אידען, זענען פאַרבונדען מיט איינאַנדער, איינס ציט צום אַנדערען. (האר״י ז״ל).

---

## צוערשט אַליין זוכען.

„אשר יבחר ד׳ לשכנו תדרשנו ובאת שמה״ — וואָס ג־ט האָט אויסדערוועהלט דאָרט צו רוען, זאָלסטו זוכען און קומען אַהין. — צוערשט דאַרף מען אַליין זוכען מיטלען און זיך משתדל זיין צו קומען אין הייליגען לאַנד, נאָכדעם וועט השי״ת מסכים זיין דערויף. (ווילנער גאון זצ״ל).

---

## ארץ־ישראל דאַרף נישט פאַרוועלטליכט ווערען.

דער פסוק אין תהלים: „איך נשיר את שיר ד׳ על אדמת נכר״ — ווי אַזוי קאָנען מיר זינגען ג־ט׳ס געזאַנג אויף פרעמדע ערד? האָט הרב יצחק מיר לעווין (היינטיגער מיניסטער פון ישראל) פאַראַפראַ־

זירט אויף פאָלגענדען אופן: „איך נשיר שירי נכר על אדמת ד׳״? ווי אַזוי קאָנען מיר זינגען פרעמדע געזאַנגען אויף ג־ט׳ס ערד? ווי אַזוי קאָן מען אַריינברענגען דעם גייסט פון פרעמדע קולטורען אויף דער הייליגער ארץ־ישראל ערד? (הרב יצחק מאיר לעווין).

## אַ שיינער וואָרט־שפּיל.

אין קהלת שטייט: „דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת״, מען קען צוגעבען איין וואָרט און זאָגען „וארץ־ישראל לעולם עומדת״ איין דור גייט אַוועק און אַ דור קומט, אָבער ארץ־ישראל בלייבט אויף שטענדיג. (הרב לעווענטאַל).

## פון מזרח און פון מערב.

„אל תירא, כי אתך אני ממזרח אביא זרעך וממערב אקבצך״ — האָב קיין מורא, וואָרים איך בין מיט דיר. פון מזרח וועל איך ברענגען דיינע קינדער און פון מערב וועל איך זיי צוזאַמענגעמען (ישעיה מ״ב). „מזרח״ איז דער סימבאָל פון גליק און פרייהייט, דאָרט וואו די זון שיינט און וואַרעמט. „מערב״ איז דער סימבאָל פון פענסטערניש און גליקלאָזיקייט. זאָגט דער נביא אין נאָמען פון ג־ט: „ממזרח״, סיי פון דאָרט וואו עס שיינט די זון פאַר אידען און זיי געניסען פון פרייהייט „וממערב״ און סיי פון די לענדער וואו עס איז זיי פינסטער און ביטער, וועט אַלץ זיין „אקבצך״, וועל איך זיי איינזאַמלען און זיי ברענגען אין הייליגען לאַנד. (דרוש־וואָרט).

## גלות און ארץ־ישראל.

אין פּסוק (פ׳ וישב) שטייט „וישב יעקב בארץ מגורי״, דאָס וואָרט „מגורי״ האָט דריי טייטשען: „וואוינונג״, „פורכט״ און „פרעמד״ (פון לשון „גר). דאָס איז אָנצודייטען אַז אומעטום וואו יעקב מאַכט זיין וואוינונג אין גלות, וועט ער שטענדיג זיין אין צושטאַנד פון פורכט און פּחד: „מגורי״, אין גלותוועט ער שטענדיג זיין „מגורי״, אַ פרעמדער, אַ גר, דער אמת׳ער „וישב״ באזעצונג קען נאָר זיין אין ארץ־ישראל. (בשם גדול אחד).

## איידער משיח וועט קומען וועט א"י זיין אַ קליינע מדינה.

דורך דער גאַנצער צייט פון בית־שני איז גאַנץ ארץ־ישראל נישט געווען באַזעצט דורך אידען. אין דער תורה אַליין ווערט געשריבען „ואם ירחיב ד'" (און גאָט, דיין גאָט וועט אויסברייטען דיינע גרעניצען און אזוי ווייטער). האָבען אונזערע חכמים געזאָגט, אַז דאָס באַציט זיך אויף די צייטען פון משיח ווען דאָס גאַנצע לאַנד וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרען צו אברהם'ן וועט זיין אין אידישע הענד. פון דאַנען איז צו זעהן, אַז איידער משיח וועט קומען וועלען די גרעניצען פון אונזער לאַנד זיין באַשרענקט און באַגרעניצט. (מפרשים).

---

## ארץ־ישראל פאַרנעמט דעם גרעסטען חלק פון דער תורה.

דריי סדרים פון ש"ס זענען פאַרבונדען מיט ארץ־ישראל: זרעים, קדשים און טהרות. פון די איבעריגע דריי סדרים איז אויך אַ גרויסער טייל פאַרבונדען מיט ארץ־ישראל. אין מועד זענען פאַראַן עטליכע מסכתות אַזעלכע: יומא, שקלים, חגיגה, די צווייטע העלפט פון פסחים, די לעצטע פרקים פון סוכה, תענית און סדר נשים. נזיר סוטה און סדר נזיקין, סנהדרין, מכות, הוריות. עס קומט אויס אַז כמעט צוויי דריטעל פון ש"ס איז צונויפגעבונדען מיט ארץ־ישראל. די זעלבע פּראָפּאָרציע איז אויך פאַראַן אין חומש. (הגאון רבי אלחנן וואַסערמאַן הי"ד).

---

## ארץ־ישראל און תורה.

אין דער הגדה וואָס מען זאָגט אין פסח שטייט: „אלו נתן לנו את התורה ולא הכניסנו לארץ ישראל דיינו" (ווען גאָט וואָלט אונז געגעבען די תורה און נישט אַריינגעבראַכט קיין ארץ ישראל וואָלט אויך גענוג געווען). עס שטייט נישט פאַרקערט, ווייל ווען גאָט וואָלט אַריינגעבראַכט קיין ארץ־ישראל און נישט געגעבען די תורה, וואָלט נישט געווען גענוג פאַר אונז צו עקזיסטירען, ווייל אָהן תורה איז דאָס לאַנד נישט קיין ארץ־ישראל. (הרב מ. עמיאל ז"ל).

---

## דאָס לאַנד פון לעבען.

**דוד המלך זאָגט אין תהלים „אתהלך לפני ד' בארצות החיים" — איך וועל גיין פאַר ג־ט אין דעם לעבעדיגען לאַנד, זאָגען דערויף די**

חז״ל אַז דאָס מיינט מען „ארץ־ישראל״ (סוף כתובות). פרעגט דערויף דער גאון רבי משה חגיז ז״ל: פאַרוואָס ווערט ארץ־ישראל אָנגערופען „ארץ־החיים״? (לעבעדיג לאַנד) נאָר — האָט ער דערויף געענפערט — די חז״ל זאָגען (מכות ז) אַז אַ רוצח וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרען צום טויט און ער איז אַנטלויפען פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ, פועל׳ט דער זכות פון ארץ־ישראל, אַז מען זאָל נאָכאַמאָל באַטראַכטען דעם דין, ווייל טאָמער וועט מען פאָרט געפינען אַ זכות אויף איהם, איהם צו באַפרייען פון טויט־אורטייל, צוליב דעם זכות וואָס ער האָט, מיט דעם וואָס ער האָט געוואוינט אין ארץ־ישראל. דורכדעם ווערט ארץ־ישראל גערופען „ארץ־החיים״, ווייל עס האָט אין זיך דעם כח, אַז מען זאָל דעם רוצח לאָזען לעבען. (רבי משה חאגיז).

---

## צעהן לענדער.

אין מדרש רבה ווערט געבראַכט פאָלגענדער און פלוג אונפאַרשטענדליכער מאמר: „כך עלה בדעתו של מקום להנחיל להם לישראל ארץ עשרת עממים, ולא נתן להם אלא שבעה, ולמה נתן להם שבעה? פירושן לעיל״ — דער רבונו של עולם האָט געהאַט במחשבה צוגעבען די אידען די לענדער פון צעהן פעלקער, ער האָט אָבער נאָר געגעבען זיבען. פאַר וואָס האָט ער זיי געגעבען נאָר זיבען? דאָס ווערט שוין פריהער דערקלערט. איז דאָך אונפאַרשטענדליך: אין מדרש ווערט דאָך וועגען דעם ענין פריהער גאָרנישט דערמאָנט? אָבער, עס איז אָנצונעמען, אַז ס׳איז דאָ פאַראַן אַ טעות הדפוס: אַנשטאָט דער אויסדרוק: פירושן לעיל, דאַרף שטיין „פירושן לע״ל״ און דער אויסדרוק „לע״ל״ דאַרף געלעזען ווערען אַלס נוטריקון — „לעתיד לבוא״, און די באַדייטונג דערפון איז, אַז אין דער צוקונפט, וועלען די איבעריגע דריי לענדער געהערען צו די אידען. און אַ ווייטערע שטעלע אין זעלבען מדרש ווערט טאַקע קלאָר געזאָגט: „אבל לימות המשיח יחזרו ויהיו לישראל״ — אָבער אין דער צוקונפט וועלען זיי צוריק געהערען צו די אידען. (מקור ברוך).

---

## נישט קיין הבטחה, נאָר אַ חוב.

עס שטייט אין פסוק „ו ה ו ר ש ת ם את הארץ״ — און איהר זאָלט עראָבערען דאָס לאַנד. דאָס איז נישט בלויז קיין הבטחה

אָדער נבואה, נאָר אויך אַ צווי, אַ חוב. חכמים רופען עס מלחמת מצווה. (רמב״ן, ספר המצוות).

---

## דורך גאָט און דורך מענטשען.

אין מסכת מעשר שני ווערט געבראַכט: צוערשט ווערט דאָס בית־המקדש אויפגעבויט ווערען דורך אַ מלכות און דערנאָך דורך אַ פייער פון הימעל, דורך גאָט. פאַראַן אַ רמז דערויף: „בנה ביתך כבתחילה וכונן מקדשך על מכונו״, צוערשט זאָלען די מענטשען אַליין בויען און דערנאָך וועט השי״ת בויען דאָס אמת׳ע בית־המקדש. (רבי שלמה קלוגער זצ״ל).

---

## די שלוש רגלים פאַרבינדען מיט ארץ־ישראל.

פסח, איז דער „חג האביב״ ווען דער פרילינג צעבליט זיך און די שיינקייט פון ארץ־ישראל אַנפלעקט זיך מיט דער גאַנצער פראַכט. שבועות איז דער „חג הקציר״, די צייט פון שניט אין ארץ־ישראל. סוכות איז דער „חג האסיף״, ווען מען זאַמעלט איין אין א״י די תבואה און די שייערען. (הרב ר׳ אברהם קוק זצ״ל).

---

## אַ שיינער רמז.

אין די ווערטער: אל הארץ אשר „אראך״, וואָס דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו אברהם אבינו, איז אַנגעדייטעט אויף אַ גימטריא־אופן, אַז דאָס לאַנד מיינט מען ארץ־ישראל. נעמליך: די גימטריא פון די אותיות „אראך״ אלף, ריש אלף, כף אין דער פולער צאָל באַטרעפט 832, גענוי די זעלבע צאָל ווי עס באַטרעפען די אותיות „ארץ ישראל״ 832. (ארון העדות).

---

## ווען דאָס מלכות ישראל וועט ווערען אַ פאַקט.

אַן אַפיקורוס האָט אַמאָל געפרעגט דעם רשב״א ז״ל: און פרשת ויחי שטייט „לא יסור שבט מיהודה עד כי יבוא שילה״ — דאָס מ ל כ ו ת וועט זיך ניט אָפטאָן פון יהודה ביז משיח וועט קומען, מיר זעהן דאָך, אַז חאָטש אידען וואוינען אין ארץ־ישראל, דאָך איז

דאָס מ ל כ ו ת י אָ אָפּגעטאָן ?. דערויף האָט איהם דער רשב״א געענפערט, אַז דער טייטש פון פּסוק איז אַזוי : „לא יסור שבט מיהודה עד (דאָס וואָרט „עד״ געהערט צו פרירינעגן) דאָס הייסט אויף אייביג וועט זיך די ממשלה פון יהודה נישט אָפּטאָן („עד״ איז דער טייטש אייביג ווי „לעד״, לעולמי עולמים), ווייל „כי יבוא שילה״, משיח וועט קומען „ולו יקהת עמים, דעמאָלט וועט ווערען אַן אמת׳ע אידישע מלוכה, וואָס אויך די פעלקער פון דער וועלט וועלען אָנערקענען. (שו״ת רשב״א ח״ד סימן קפ״ז).

## נישטאָ קיין היתר מסכים צו זיין אָװעקצונעמען אַ טייל פון ארץ־ישראל.

דער געוועזענער רב הכולל פון תל־אביב הרב עמיאל ז״ל שרייבט צווישען אַנדערען : לויט מיין מיינונג איז ניט פאַראַן קיין היתר אַז מיר זאָלען אַליין מיט אייגענעם ווילען מסכים זיין, אַז מען זאָל פון אונז אָוועקנעמען דעם גרעסטען טייל פון ארץ־ישראל. דעמאָלט וועט עס הייסען ארץ־ישמעאל און נישט ארץ־ישראל. אַזעלכע ויתורים און קאָמפּראָמיסען קען מען מאַכען, נאָר דעמאָלט ווען ס׳איז נוגע אַנדערע לענדער, אָבער נישט ווען עס האַנדעלט וועגען ארץ־ישראל, אַ לאַנד, וואָס איז נישט בלויז אַ געוועהנליכע נאַציאָנאַלע היים, נאָר אַ הייליקטום. די הייליקייט פון לאַנד איז קיינמאָל נישט בטל געוואָרען. ביי אונז איז אָנגענומען, אַז „קידשא לשעתא וקידשא לעתיד לבוא״, די קדושה ביים צווייטען בית־המקדש איז געווען חל אויף דעמאָלט און אויף די צוקונפט. „וירשת אותה וישבת בה״ איז זיכער געמיינט געוואָרען א ו י ף ג אַ נ ץ א ר ץ־י ש ר א ל אפילו לויט דער הלכה איז, „אין קנין לעכו״ם בארץ־ישראל להפקיע מידי מעשרות״, נישטאָ קיין קראַפט אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אַרויסציען די הייליקייט פון דער ערד אין ארץ־ישראל. (הרב עמיאל ז״ל).

## די קדושה פון א״י פאַדערט נישט אויסצומישען חול מיט קודש.

אויפ׳ן פסוק „ויחן את פני העיר״ (וישלח ל׳ ג׳) זאָגט דער מדרש : „בא עם דמדומי חמה וקבע להם תחומין״ (מדרש רבה). יעקב איז אָנגעקומען אין דער ארץ־ישראל־שטאָט אין אַ צייט פון דמדומי־חמה, ווען עס האָט געהערשט אַ בלבול המוחות און טשטוש הגבולין.

עס איז נישט געווען קיין אונטערשיד צווישען טאָג און נאַכט, צווישען ליכט און פענסטערניש, אור וחשך משמשים בערבוביה — אין אַזאַ צייט איז געוועזען יעקב׳ס אויפגאַבע קובע תחומים צו זיין, פעסט־צושטעלען גרעניצען, אָפּצוטיילען דאָס גוטע פון שלעכטען, אָנצוצייכנען דעם ריכטיגען סימן און מהות פון יעדער זאַך. די קדושה פון ארץ־ישראל פאָדערט נישט אויסצומישען חול מיט קודש, עס זאָל געמאַכט ווערען אַן אונטערשיד צווישען דעם באַגריף פון ארץ־ישראל לויט ווי די תורה־השקפה פארשטייט עס מיט דעם וואָכענדיגען באַגריף „לאַנד", לויט ווי די וועלטליכע פעלקער נעמען דאָס אויף. אָנקומענדיג אין דער ערשטער שטאָט פון ארץ ישראל און יעקב דערזעהט דאָרט דמדומים, צעמישונג, ספקות און נישט קלאָרקייטען, שטעלט ער פעסט גרעניצען און שאַפט קלאָרקייט און בירור אין אַלע ענינים. (אבני אזל).

---

## דאָס רחמנות פון די אומציוויליזירטע און דאָס אַכזריות פון די „ציוויליזירטע".

אין דעם לעצטען וועלט־קריג ווען אומגליקליכע אידישע וואַנ־דערער האָבען זיך געריסען אויף צעבראָכענע שיפען צו די ברעגען פון ארץ־ישראל און די ענגלענדער האָבען זיי געלאָזט אומברענגען צווישען די כוואַליעס פון ים, האָט הרב עמיאל ז״ל דער רב הכולל פון תל־אביב געשריבען פאָלגענדע האַרצרייסענדע ווערטער:

„נישט די טויערען פאַרשליסען זיי, נאָר זייערע הערצער, די מענטשליכע הערצער. ווי אַנדערש זענען די צייטען! אין די אומ־ציוויליזירטע צייטען ווען עס האָט זיך געפינען אַ אידישער יחיד, יונה הביא אויף אַ שיף צווישען הונדערטער אַנדערש גלויביגע און עס איז אויסגעבראָכען אַ שטורם אויף׳ן ים און די שיף האָט געהאַלטען ביים זינקען און ער האָט זיך געבעטען „שאוני והטילוני אל הים, כי יודע אני כי בשלי הסער הגדול הזה עליכם" — נעמט מיך און וואַרפט מיך אַריין אינ׳ם ים, ווייל איך ווייס אַז דערגאַנצער גרויסער שטורם וואָס האָט דאָ אויסגעבראָכען און באַדראָט אייער לעבען, איז נאָר צוליב מיר — ווען די שיפס־מאַטראָזען וואָלטען דערפילט די בקשה פון דעם איינצעלנעם מענטש, וואָלטען זיי דאָך געקענט רעכטפערטיגען און באַרעכטיגען זייער טאָט, אַז דאָס וואָס זיי טוען איז לטובת־הכלל און אַז דערמיט ראַטעווען זיי דאָס לעבען פון הונדערטער אַנדערע וואָס געפינען זיך אין טויט געפאַר, פונדעסטוועגען האָט קיינער פון די מאַטראָזען נישט געוואַגט צו טאָן אַזאַ זאַך ווי באַוואוסטזיניג אַריינ־

וואַרפען אַ מענטש אין ים רייך און זיי האָבען געבעטען: „אנא ד׳ אל נאבדה בנפש האיש הזה, אל תתן עלינו ד נקי״ — מיר בעטען דיך ג־ט, מיר זאָלען נישט פאַרלוירען גיין צוליב דעם נפש פון אַן איינ־צעלנעם מענטש און מיר זאָלען נישט זיין די אורזאַך אַז דורך אונז זאָל פאַרגאָסען ווערען אונשולדיג בלוט. אַזוי האָבען געהאַנדעלט די „ווילדע״ אומציוויליזירטע מאַטראָזען מיט דריי טויזענד יאָר צוריק, און היינט — זענען מיר עדות ווי דאָס פאָלק וועלכעס באַרימט זיך מיט דער ליבשאַפט צום ספר־התנ״ך, הערענדיג די טויזענטער קולות וואָס בעטען: וואַרפט אונז נ י ש ט אין ים אַריין, מאַכט זיך נישט הערענדיג צו די פאַרצווייפעלטע ווי געשרייען, זייערע הערצער קלאַפּען נישט, זייערע מיילער רופען נישט צו ג־ט און מיט גזלנ׳ישער גלייכ־גילטיקייט גיבען זיי איבער די אומגליקליכע וואַנדערער צום שטורמישען ברויזענדען ים. (הרב עמיאל ז״ל).

---

## די גרעניצען פון ארץ־ישראל.

די חז״ל זאָגען: „אלמלי זכו ניתנה להם חמשה חומשי תורה וספר יהושע״, ווען אידען וואָלטען זוכה געווען וואָלט מען זיי געווען געגעבען בלויז די פינף ספרים פון דער תורה און דאָס ספר יהושע. פאַרוואָס האָט מען צוגעלייגט נאָר דאָס ספר יהושע? ווייל מיט די חמשה חומשי תורה אַליין קען מען די געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל נישט קענען; די גרעניצען פון ארץ־ישראל זענען אַ מיינסטען אָנגע־געבען נאָר אין ספר יהושע. (מפרשים).

---

## גלות און ארץ־ישראל.

אין גלות אויב אפילו מען קען נישט אַזוי דינען השי״ת, קען מען נישט אַזויפיל פאַראיבעל האָבען, ווייל דער דין איז, אַז „אשה ברשות הבעל פטורה מכבוד אב, דרשות אחרים עליה״ (קדושין), אַ פרוי וועלכע געפינט זיך ביי איהר מאַן אין הויז איז פטור פון דער מצווה כבוד אב ווייל זי געפינט זיך אונטערען רשות פון אַנדערע. אַזוי אויב ווען אידען געפינען זיך אין גלות אונטער דער מאַכט פון פרעמדע קען מען נאָך געפינען אַ פאַרענטפערונג אויב זיי זענען נישט אַזוי פינקטליך מקיים די מצוות השם; דאַגעגען אין ארץ־ישראל, אין אייגענעם רשות, וואו אידען אַליין זענען די בעלי־בתים, דאַרף מען מקיים זיין אַלע מצוות און דינים אהן שום תירוץ. (גערער רבי זצ״ל).

## דער שטאָלץ פון אַן ארץ־ישראל קינד.

ווענען דעם פאַרוואָס דער בית־המקדש איז געבויט געוואָרען „בחלקו של בנימין" (אין בנימין'ס טייל), איז פאַראַן צוויי מיינונגען: אין מדרש רבה ווערט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל בנימין האָט זיך נישט געבוי׳קט צו עשו'ן. אין „ספרי" ווידער ווערט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, ווייל בנימין איז געווען דער איינציגער פון יעקב'ס קינדער וואָס איז געבוירען געוואָרען אין ארץ ישראל אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע קינדער שטאַמען פון חוץ־לאַרץ.ביידע דעות פונדי מדרשים זענען פאַרבונדען און ביידע זאָגען דעם אמת. אין מדרש מיט'ן אַנדערען איז הא בהא תליא. אין דער אמת איז, אַז נאָר אַן ארץ־ישראל־קינד באַזיצט דעם עכטען, נישט בויגזאַמען אידישען שטאָלץ נישט צו בוקען און נישט צו בויגען זיך פאַר אַן עשו. (הרב יצחק ניסענבוים ז"ל).

---

## אַז מען שטאַמט פון אַזאַ הייליג לאַנד איז עס אַ סך מחייב.

צווישען די קללות אין דער תוכחה שטייט דער פסוק: „וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכור והארץ אזכור" (בחקותי כ"ו) די דאָזיגע ווערטער זענען דאָך אַ זכות איז וואָס זשע קומט דאָס אין דער תוכחה? נאָר דער תירוץ איז, אויב איהר האָט געהאַט אַזעלכע זיידעס ווי אברהם, יצחק און יעקב און איהר האָט געהאַט אַזאַ לאַנד ווי ארץ־ישראל — איז אייער חטא אַ פיל גרעסערער און אַ פיל זיכטבאַרער.

אויב אַ קינד וואָס שטאַמט פון אַ געהויבענער מיוחס'דיגער משפחה און איז געוואָרען ערצויגען אין קעניגליכען פאַלאַץ זינדיגט אַקעגען מלך, איז זיין חטא אַסך גרעסער ווי דער חטא פון אַ פּראָסטען פויער וואָס איז אויפגעוואַקסען אין דאָרף. מען גיט זיך אַ דערמאָן איז דעם „והארץ אזכור" פון וועלכען לאַנד דו שטאַמסט — און דאָס דאַרף אַסך פאַרפליכטען. (של"ה הקדוש).

---

## פון וואַנען און וואוהין.

אויף דעם פסוק „אלה מסעי בני־ישראל" זאָגען אונז די חז"ל: ווען די אידען זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים און געווען אויפ'ן וועג פון דער מדבר, האָבען זיי געהאַלטען אין איין אַרומקוקען זיך

אויף דעם וועג וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט און זייערע בליקן זענען געווען געווענדעט קיין מצרים. דאַגעגן משה רבנו, האָט געבליקט אויף דעם וועג פאָראויס, דעם וועג וואָס פירט קיין ארץ־ישראל. איז דאָך אין פלוג אומפאַרשטענדלעך: די אידן האָבן דאָך געוואוסט אַז זיי מאַרשירען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד, טאָ פאַרוואָס האָבן זיי געהאַלטען אין איין קוקען אויף מצרים, דאָס לאַנד וואו זיי זענען געווען פאַרשקלאַפט? — אויף דער דאָזיגער פראַגע איז פאַראַן אַ זייער שיין משל פון דעם באַוואוסטען קעלמער מגיד: אַ געשיכטע פון אַ טאַטען מיט אַ זון: „אַן אלמן וואָס האָט געהאַט אַ בן־יחיד, האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטע פרוי, וועלכע האָט דעם זון געפּייניגט און אָנגעטאָן געברענטע צרות פון וואָס דער פאָטער האָט געהאַט גרויס האַרצ־ווייטאָג. ווען דער זון איז געקומען אין די יאָרען אַריין האָט דער פאָטער מיט איהם אַ שידוך געטאָן מיט זעהר אַ לייטיש מיידעל פון אַ ווייטער שטאָט און האָט באַשטימט דעם זמן חתונה אויף זעקס חדשים שפּעטער. דער זון האָט געציילט די טעג פון דער חתונה, ווען ער וועט שוין דערלעבען צו פּטר׳ן די שטיפמוטער מיט איהר שטיפמוטערישער באַהאַנדלונג. ווען עס איז געקומען דער געהאָפטער טאָג, האָט דער פאָטער געדונגען אַ בעל־עגלה און טאַטע מיט זון זענען געפאָרען אויף דער חתונה. אויף׳ן וועג האָט דער חתן געהאַלטען אין איין פרעגען דעם פאָרמאַן, וויפיל שטח זיי זענען שוין אָפּגעפאָרען פון זייער אָרט־שאָפט. דאַגעגען דער פאָטער האָט יעדער פאָר מינוט געפרעגט דעם בעל־עגלה, ווי ווייט ס׳איז און ווי לאַנג עס דאַרף נאָך דויערען צו קומען צו דעם אָרט וואו די כלה וואוינט. אויף דער פראַגע פון׳ם בעל־עגלה פאַרוואָס יעדער פון זיין פרעגט גראָד די דאָזיגע פראַגע, וואָס לויטן שכל האָט עס געדאַרפט זיין פונקט פאַרקערט? האָט דער פאָטער געענפערט: די זאַך איז גאַנץ איינפאַך, מיין זון האָט נאָך די כלה ניט געזעהן. ער ווייסט פון איהרע מעלות נאָר פון דעם וואָס איך האָב איהם נאָכדערציילט. ער ווייסט נאָר איינס: אַז ביי דער שטיפמוטער זענען זיינע ליידען געווען זעהר גרויס, און וואָס ווייטער ער ווערט פון איהר, אַלץ לוסטיגער ווערט ער. איך אָבער, ווייס יאָ וואָס פאַראַ געראָטען קינד די כלה איז, דעריבער שטרעב איך שוין מיט׳ן גאַנצען האַרץ און אינטערעס צו זיין אין דער שטאָט וואו די כלה געפינט זיך”. דער נמשל: ווען די אידען זענען אַרויס פון מצרים האָבן זיי ניט געוואוסט וואָס פאַראַ טייער לאַנד השי״ת האָט פאַר זיי באַשטימט, זיי האָבן זיך אַלץ געפריידט מיט דעם פאַקט אַז זיי זענען שוין דערווייטערט פון דעם לאַנד אין וועלכען זיי זענען אויס־געשטאַנען אַזוי פיל צרות, דעריבער האָבן זיי נאָר געקוקט פון

וואַנען זיי זענען אַרויס, משה אָבער האָט יאָ געוואוסט וואָס פאַראַ גליק ער דערוואַרטעט זיי אין דעם טייערען לאַנד ארץ־ישראל, דעריבער זענען זיינע בליקען געווען גערי׳כטעט צו דעם לאַנד וואוהין זיי דאַרפען קומען. (דער קעלמער מגיד).

## דריי באַדינגונגען.

„לביאת הארץ צריך שלשה דברים״ — כדי אַריינצוקומען קיין ארץ־ישראל דאַרף מען דורכפירען פאָלגענדע דריי זאַכען: „הכנה לצאת מחוץ לארץ״, די ריכטיגע פאַרבאַרייטונג אַרויסצוגיין פון גלות; שנית, „הדרך אשר ילך״, דער וועג דורך וועלכען צו גיין, די מיטלען אָנצווענדען כדי צופאַרווירקליכען דעם אידיאַל; שלישית, „הביאה לארץ הקדושה״, דאָס ענדגילטיגע קומען אין הייליגען לאַנד און פיהלען דעם טעם פון ד׳ער הייליקייט פון לאַנד. (ווילנער גאון).

## אַ לאַנד וואָס פאַרוואַנדעלט אַלעס אויף גוטס.

דער דין איז, אַז דער היוצא מן הטמא — טמא. אַ זאַך וואָס שטאַמט פון אַ דבר טמא, איז טמא. אָן אויסנאַם איז פאַראַן, און דאָס איז „חלב ודבש״ (מילך און האָניג) חלב אַליין קומט פון אַ דבר טומאה, פון בלוט, ווי עס ווערט ערקלערט דורך די חז״ל: דם נעקר ונעשה חלב (בכורות י׳) דאָס בלוט ווערט פאַרוואַנדעלט אין מילך און עס ווערט אַזוי אַרום אַ דבר טהור. דאָס זעלבע איז אויך מיט דבש דבורים (האָניג פון אַ ביהן). די ביהן אַליין איז אַ שרץ טמא און דאָך איז דער האָניג וואָס שטאַמט פון דערביהן טהור. מיט אָט די אייגענע אייגענשאַפטען וואָס עס האָט אין זיך חלב ודבש איז אויך געבענטשט דאָס לאַנד ישראל. ארץ־ישראל איז מסוגל צו פאַרוואַנדלען יעדען „דבר היוצא מן הטמא״ אין אַ דבר טהור. און דאָס איז דער זין פון פסוק: ארץ — זבת חלב ודבש. (רבי מאיר שפירא ז״ל).

## געגען טיילונג.

איינער פון די באַוואוסטע גדולים הרב י. קניאל רעדענדיג וועגען „חלוקה״ שרייבט צווישען אַנדערען: די חז״ל זאָגען: פאַרוואָס האָט עמרי זוכה געווען צו ווערען אַ קעניג ביי אידען? ווייל ער האָט

צוגעגעבען נאָך אַ שטאָט אין ארץ ישראל (סנהדרין ק"ב) איז, אויב מיר ווילען אַ מלוכה, אויב מיר שטרעבען צו דער קרוין פון אַ מלוכה טאָרען מיר באין אופן נישט פאַרציכטען אויף שטעט. אַזוי אַרום וועט מען אויף אונז חס־ושלום זאָגען דעם פסוק: "וימאסו בארץ חמדה" (תהלים ק"י). אדרבה, מיר דאַרפען פאַרגרעסערען די שטעט אין היילינען לאַנד. לאָמיר זיך נעמען אַלס ביישפּיל די טיף רירענדע ווערטער פון גבורות היזרעאלי, וועלכער האָט גערעדט מיט שטאָלץ און מיט אַ טאָן פון מסירת־נפש קעגען אחאב מלך ישראל זאָגענדיג: חלילה לי מה' מתתי את נחלת אבותי לך, גאָט זאָל מיך אויסהיטען אַז איך זאָל דאַרפען אַוועקגעבען די אַרב פון מיינע עלטערען צו דיר, חס־וחלילה (מלכים א', כ"א). (הרב י. קניאל).

---

## געבורטס־ווייען.

"חבלי משיח", זאָגט רש"י (שבת קי"ח) חבלי יולדה, יסורים פון אַ געווינערין. אַלע צייטען פון גלות זענען אין דער בחינה פון הריון, שוואַנגערשאַפט, דער סוף פון גלות איז בבחינת "חבלי לידה" געבורטס־ווייען. (ווילנער גאון).

---

## פייער פון שנאה און פייער פון אהבה.

וועגען ארץ־ישראל שטייט אין פסוק "כי באש הצת ובאש אתה עתיד לבנותה". (וואָרים מיט פייער האָסט עס אונטערגעצונדען און מיט פייער וועסטו עס צוריק אויפבויען). אונזערע אור־עלטערען האָבען אונטערגעצונדען ירושלים מיט דעם פייער פון שנאת חנם, מחלוקת און געגענזייטיגער האַס; א ו י פ ב ו י ע ן ירושלים וועט מען קענען נאָר מיט אַן אַנדער סאָרט פייער און דאָס איז דאָס פייער פון אהבת־חנם, ווען איין איד דעם אַנדערען וועט ליב האָבען און עס וועט הערשען אַ גייסט פון אחדות און ברודערליכקייט אין די אידישע רייען. (דרוש־וואָרט).

---

## אין אייגענעם רצון.

"החודש הזה לכם" די "התחדשות" פון דער אידישער גאולה און אויפבוי פון ארץ־ישראל איז אָפּהענגיג אין אייער אייגענעם ווילען, "לכם", אין אייך אַליין. (הרב יהודא לייב זעלצער).

## תורה און ארץ־ישראל.

דער אוסדרוק „מורשה" געפינט זיך צוויי מאָל אין דער תורה. איינמאָל אין פרשת וארא וואו עס רעדט זיך וועגען ארץ־ישראל „ונתתי אותה לכם מורשה" און איינמאָל „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב (ברכה ל"ג). דאָס איז מרמז צו זיין אַז די ירושה פון **ארץ־ישראל האָט נאָר דאַן אַ קיום, ווען מען פירט זיך אין לאַנד** לויט די חוקי התורה, ווייל אָהן תורה האָט ארץ־ישראל קיין ווערט נישט און ביידע „מורשה'ס" זענען ענג פאַרבונדען ווי עס זאָגט דער פסוק: „ויתן להם ארצות ג[illegible] — בעבור ישמרו חוקיו" — מען האָט זיי געגעבען די לענדער כדי זיי זאָלען היטען דעם אויבערשטענס געזעצען. (ילקוט הדרוש).

---

## אַ רמז אַז די אַרבעה מינים דאַרפען זיין פון ארץ־ישראל.

„אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי". אתרוג, ערבה, לולב, הדס זענען די ראשי־תיבות פון „אעלה", און די שבועה איז אַז די מינים וואָס זענען מרומז אין די וואָרט „אעלה" זאָל גענומען ווערען פון ירושלים. (ילקוט־מרגליות).

---

## די דריי מזבחות.

א"ר אלעזר „שלשה מזבחות בנה, אחד לבשורת א"י ואחד לקנינה ואחד שלא יפלו בניו בעי" (בראשית רבה). אברהם אבינו האָט דערמיט **מרמז געווען די קומענדע אידישע דורות וויפיל מזבחות עס וועט זיך** פאָדערען און וויפיל אידישע קרבנות מען וועט אויף די דאָזיגע מזבחות דאַרפען ברענגען, ביז מען וועט עראָבערען דאָס אידישע הימלאַנד. דער ערשטער מזבח, די ערשטע קרבנות, מיהזאַמע אַרבייט און אָנשטרענגונגען, וועט זיך פאָדערען כדי צו אַלעם ערשטען צו באַקומען די „בשורת־הארץ" די בשורה פון דער פעלקער דעקלאַראַציע וועגען דער ווידער אויפשטעלונג פון דער „נאַציאָנאַלער היים", די גוטהייסונג פון די פעלקער צו בויען ארץ־ישראל. אָבער דאָס איז נאָך גאָרנישט. אַ וויכטיגער און גרעסערער מזבח וואָס וועט פאָדערען נאָך שווערערע קרבנות וועט זיין דער צווייטער אַקט פון „לקנינה" אויף צו באַקומען די געהעריגע פאָנדען און געלד קאַפּיטאַלען כדי אויסצולייזען די אידישע ערד פון פרעמדען באַזיץ און צו פאַרוואַנדלען

דאָס לאַנד אין אַ פרוכטבאַרען אידישען ישוב. אָבער אויך דאָס איז ווייניג, עס פאָדערט זיך נאָך אַ דריטער מזבח; מען וועט זיך מוזען גוט אָנגורטען מיט אייזערנער געדולד, אַ סך גייסטיגע גבורה וועט דאַרפען אַרויסגעוויזען ווערען אויף׳ן דריטען מזבח „שלא יפלו בניו בעי״, אַז טראָץ די אַלערליי שטערונגען און אבני נגף וואָס וועלען ליגען אויף׳ן וועג, זאָל מען נישט אַריינפאַלען אין יאוש־שטימונג, נישט פאַרלירען דעם קוראַזש. דער מזבח פון „שלא יפלו״ פון נישט געפאַלענקייט, וועט פאָדערען אַ סך בטחון און אויסדויער, אינערליכע שטאַרקייט און ווידערשטאַנד־קראַפט כדי עס זאָל נישט פּאַסירען דאָס וואָס עס איז אַמאָל געשעהן דעמאָלט ווען יהושע איז דאָס ערשטע מאָל אַריין אין לאַנד שון ווי נאָר זיי האָבען זיך דערנעענטערט צו די ארץ־ישראל ברעגען און אַריבערגעקומען צו די שטאָדט „עי״ זענען זיי, טראָץ די פריריגע הבטחות און פייערליכע דעקלאַראַציעס, פּלוצלינג באַפאַלען געוואָרען און ס׳זענען אויסגעהרג׳ט געוואָרען אַ צאָל מענטשען. אויף אָט די דאָזיגע דריי קרבנות׳פולע מזבחות האָט דאָס אברהם אבינו דעמאָלט, אַזוי הייס געבעטען, וויסענדיג פאָראויס די נסיונות און שטערונגען וואָס די קומענדע דורות וועלען דאַרפען דורכמאַכען. (הרב י. לעווינסאָן).

---

## די פאַרשטעלטע חובבי־ציון.

„יגער בך ד׳ השטן ויגער ד׳ בך הבוחר בירושלים״ (זכריה ב׳). הבוחר בירושלים באַציט זיך אויף׳ן שטן. און דער זין דערפון איז ג־ט זאָל אָנשרייען אויף דעם שטן וואָס פאַרשטעלט זיך מיט ליבשאַפט צו ציון און ירושלים, כדי אַזוי אַרום צו קענען אַוועק רייסען אידען פון אידישקייט. (דער מינסקער גדול).

---

## אַ שיינער רמז.

„לך לך מארצך״ — פאַראַן מענטשען וועלכע אַנטזאָגען זיך צו העלפען דעם ישוב ארץ־ישראל מיט׳ן אויסרייד אַז „עניי עירך קודמין״, אָדער זייגע נויטליידענדע קרובים זענען וויכטיגער. מיט די דאָזיגער ווערטער איז די תורה מרמז אויפ׳ן טעות וואָס אָט די מענטשען מאַכען: „לך לך״ באַטרעפט הונדערט, אַ רמז וועגען געבען צדקה אַזוי ווי די גמרא זאָגט „נתון תתן אפילו מאה פעמים״ (זאָלסט געבען אפילו הונדערט מאָל). זאָגט אונז דער פסוק: „לך לך״ זאָלסט

אוועקגיין פון דער איינרעדעניש און אויסרייד, אַז דער עיקר פון געבען צדקה דאַרף זיין „מארצך״ פאַר דיינע לאַנדסלייט די „עניי עירך״ אָדער „ממולדתך ומבית אביך״, פאַר דיינע אייגענע אָרימע קרובים, זאָלסט וויסען זיין אַז דער עיקר צדקה באַשטייט אין געבען „אל הארץ אשר אראך״ צו שטיצען דעם אידישען ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס דער ענד־ציל וועט זיין, אַז עס וועט אַרויסקומען „להנאתך ולטובתך״, **פאַר דיין אייגענע טובה.** (רבי ר׳ יהושע׳לע, **דזשיקיווער רב זצ״ל).**

---

## אמונה, תורה און געלד־פאַנד.

אין (ירושלמי יומא פ״ד ה״א) געפינט זיך פאָלגענדער מאמר: „בשלשה דברי נחלקה ארץ־ישראל: בגורלות, באורים ותומים ובכספים״. ארץ־ישראל איז פאַרטיילט געוואָרען צווישען די שבטים דורך דריי זאַכען „גורל״, דאָס מיינט שיקזאַל, גלויבען און השגחה פרטית. אַז אַלץ ווערט געפירט און געלענקט פון הימעל. „תורה״, געלערנט און זיך געקלאָמערט אין דער תורה פאַרוואַנדעלענדיג דאָס לאַנד אין אַ גייסטיגען צענטער. „ובכספים״, און דורכדעם וואָס עס איז געשאַפען געוואָרען דער געהעריגער פאַנד און געלד־אַפּאַראַט אַנצופירען מיט די ווירטשאַפטליכע הצטרכות׳ן פון לאַנד. (ירושלמי, יומא פ״ד).

---

## אַן אייגען לאַנד מוז קאָסטען קרבנות.

ווען דער אויבערשטער האָט געהייסען אברהם׳ן פאַרלאָזען חרן און גיין „אל הארץ אשר אראך״, צו דעם לאַנד וואָס ער וועט איהם אַנווייזען, האָט אברהם געהאַלטען אין איין אַרומוואַנדערען. ווען די „חניכי ביתו״ און זיינע נאָכפאָלגער, וואָס האָבען אברהם׳ן באַגלייט אויף זיינע נסיעות, האָבען איהם געפרעגט „הארץ היכן היא״? וואו **איז דאָס לאַנד וואָס דיין גאָט האָט דיר צוגעזאָגט? פאַרוואָס ווייזט** ער דיר ניט אָן דעם פלאַץ וואו דו זאָלסט זיך באַזעצען און מאַכען אַ סוף צו דיינע לאַנגע און שווערע וואַנדערונגען? דערויף האָט זיי אברהם געענפערט: אַז איהר וועט קומען צו אַ „שדה קברות״, וואו טויטע זענען באַערדיגט געוואָרען זאָלט איהר וויסען אַז דאָרט הויבט **זיך אָן דאָס לאַנד. (ילקוט שמעוני).**

**„אום צו האָבען אַ „נחלת שדה וכרם״ אייגענע פעלדער און** גערטנער און „אייגען״ לאַנד, מוז מען פריער פאַרלייגען אַ „שדה קברות״, מען מוז האָבען פּיאָנערען, חלוצים, וועלכע זאָלען איינשטעלען

זייער אייגענעם לעבען פאַר דעם לעבען פון פאָלק. מיט'ן ערשטען „אחוזת קבר" וואָס אברהם האָט איינגעהאַנדעלט פאַר שרה'ן איז געלייגט געוואָרען דער יסוד פאַר דעם אמתע היים פאַר אידען ביז אויף היינטיגען טאָג. (דרוש וואָרט).

## דער באָדען פון אייגענעם לאַנד — דער איינציגער ציל.

„ושפלת מארץ תדברי ומעפר תשח אמרתך" (ישעיהו כ"ט). אין דעם ספר „ענפי צבי" ווערט דער דאָזיגער פסוק אויסגעטייטשט אויפ'ן פאָלגענדען אופן: דער נביא זאָגט וואָראויס: עס וועט קומען אַ צייט ווען די גלות־לענדער וועלען אַזוי אונטערדריקען דאָס אידישע פאָלק, אַז עס וועט זיך אַנטזאָגען איינגאַנצען פון די גלות־פלעצער און זיך אַנהויבען אינטערעסירען נאָר מיט'ן הייליגען לאַנד. און דאָס איז דער זין פונ'ם פסוק „ושפלת", דו וועסט צוקומען צו אַזאַ געפאַלענקייט אין די גלות־לענדער, „מארץ תדברי", אַז דיין גאַנץ רעדען און אינטערעס וועט נאָר זיין ארץ־ישראל, „ומעפר תשח אמרתך", דיין איינציג רעדען און טראַכטען וועט זיין נאָר וועגען ערד און לאַנד־ווירטשאַפט פונקט ווי אַלע פעלקער וועלכע זיצען אויף אייגענע ערד. (ענפי צבי).

## צוריק געווינען די משפחות.

רבי שמואל מוליוועער טייטשט אויס דעם פסוק: „ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו" אויף פאָלגענדען אופן: ווען עס וועט קומען די צייט ווען מיר וועלען זיך אומקערען צוריק צו אונזער היימלאַנד, דאַן וועט ממילא אויך קומען דערצו אַז מיר וועלען צוריק געווינען אונזערע משפחות, די יוגענד וואָס האָט זיך דער־ווייטערט פון אידישען גייסט, פון אידישען פאָלק און זיין תורה. (רבי שמואל מוליוועער ז"ל).

## הענד צום פידעל און הענד צו מלחמה.

דוד המלך, דער קעניג פון ירושלים, איז געווען גלייכצייטיג אי דער פאַרפאַסער פון תהלים און אי אַ גרויסער קריגס־פירער. ער האָט געדאַנקט השם יתברך „המלמד ידי לקרב ואצבעותי למלחמה" — האָט געלערענט זיינע הענד ווי אַזוי זיך אומצוגיין אויף אַ שלאַכט־

פעלד און די פינגער ווי אַזוי מלחמה צופירען — זיינע פינגער זיינען געשאַפען געוואָרען צו שפּילען פידעל, אָבער אין דער צייט ווען ישראל'ס שונאים, עמון, מואב, פלשתים און עמלק האָבען ניט פאַר־שטאַנען דאָס געזאַנג פון דער פידעל, האָט ער געדאַנקט ג־ט וואָס ער האָט איהם געלערענט קריג צו האַלטען. ווען ארץ־ישראל איז אין סכנה, דאַרף מען וויסען ווי אַזוי צו קעמפען (הרב שמואל בראָד).

---

## אידען וועלען באַזעצען דאָס לאַנט מיט קראַפט.

אויף'ן פסוק „כרע, שכב כארי" — ער קניט, ער לייגט זיך ווי אַ לייב, זאָגט רש"י הקדוש: „יתישבו בארצם בכח ובגבורה" — זיי וועלען זיך באַזעצען אין זייער לאַנד מיט קראַפט און שטאַרקייט. (רש"י, במדבר כ"ד, ט').

---

## אַ רמז פון מדרש וועגען „אומלעגאַלע" עולים.

אויף'ן פסוק „כי אעבור בסך אדדם עד בית אלקים בקול רינה ותודה המון חוגג" (תהלים מ"ב, ה') איך פלעג דורכגיין מיט אַן עולם, זיי פירען אין ג־ט'ס הויז מיט געזאַנג און לויב, אַ יום־טוב'דיגע מאַסע — זאָגט דער מדרש: „אמרה כנסת ישראל לפני הקב"ה: לשעבר הייתי עולה המון חוגג ועכשיו אני מתגנבת ועולה" — די כנסת ישראל האָט געזאָגט פאַר'ן רבונו של עולם: אין די פאַרגאַנגענע צייטען האָבען מיר עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין טריאומפירענדע מאַסען, און אַצינד — איצט מוז איך זיך פאַרגאַנב'נען און עולה זיין בגניבה. (איכה רבה א').

---

## אין דער קללה ליגט די ברכה

אויף דעם פסוק אין דער תוכחה „ושממו עליה אויביכם" — און אייערע פיינט וועלען וויסטען אויף איהר, זאָגט דער רמב"ן, אַז אין אָט דער קללה ליגט באַהאַלטען אַ ברכה פאַר אידען. די באַדייטונג דערפון איז: די אידישע פיינט וועלען וויסטען אין ארץ־ישראל און דאָס הייליגע לאַנד וועט זיי ניט קענען קולט זיין. (רמב"ן).

---

## ארץ־ישראל דולדעט נישט קיין מענטשען מיט „איך״ס.

אויפ׳ן פסוק „שלח לך אנשים״, באמערקט רש״י: אני איני מצוה לך. דער זין פון רש״י׳ס ווערטער איז: דער רבש״ע זאגט: איך וויל נישט קיין „אני״—מענטשען, קיין „איך׳ס״ וועלכע האבען נאר אין זינען אייגענע אינטערעסען. זיי זאלסטו נישט שיקען קיין ארץ־ישראל, אזעלכע לייט זאלען בעסער זיצען אינדערהיים. (רבי אשר׳ל רימיניוווער ז״ל, בדרך הלצה).

---

## די ליידען פון גלות וועלען שוין ממילא טרייבען אידען קיין ארץ־ישראל.

אויף דער פראגע פון אברהם אבינו „במה אדע כי אירשנה״, מאטערען זיך אסך מפרשים צו פארענפערען און איבערהויפט איז שווער צו פארשטיין וואס פארא שייכות עס האט די אנטווארט פון השי״ת „ידוע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ מיט די פראגע פון „במה אדע״? איז דער דערמיט שוין אלץ פארענפערט? נאר מען קען זאגען, אז דער זין דערפון איז: אברהם אבינו האט קיין איין מינוט, חס־ושלום, נישט געצווייפעלט אין דער הונדערפראצענטיגער זיכער־קייט פון השי״ת׳ס צוזאג, זיין פראגע איז געווען אין א פארקערטער ריכטונג: מיט דיר, רבונו של עולם, בין איך זיכער אז וועסט מקיים זיין דיין הבטחה, פון וואנען אבער זאל איך זיכער זיין אז אויך די קומענדע דורות, די קינדער מיינע וועלען האבען דעם ווילען עולה צו זיין אין דעם צוגעזאגטען לאנד? דערויף האט איהם השי״ת געענפערט: וועגען דעם זאלסט ניט זיין באזארגט: זאלסט וויסען אז, „גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ אין אלע לענדער וועלען זיי באטראכט ווערען ווי פרעמדע, ווי גרים, „ועבדום וענו אותם״ מען וועט זיי פייניגען און פארשקלאפען און דאס וועט שוין זיין דער בעססער שטויס אז זיי זאלען לויפען אויף אלע פיער און זיך באזעצען אין ארץ־ישראל. (בשם גדול אחד).

---

## דאס לאנד איז מכפר.

דעם פסוק „ארץ אוכלת יושביה״ טייטש דער רבי ר׳ יונתן זצ״ל אויף פאלגענדען אופן: די מרגלים האבען מאטיווירט זייער נישט וועלען גיין קיין ארץ־ישראל דערמיט וואס זיי האבען זיך געהאלטען

פאַר נישט פרום געגוג צו גיין אין אַזאַ לאַנד וועגען וועלכען עס ווערט געזאָגט אַז עס איז אַן „ארץ אוכלת יושביה” נישט פאַרטראַ־גענדיג קיין מענטשען מיט זינד, און ארץ ישראל דאַרף זיין אַ לאַנד פון בלויז פרומע לייט. אָבער יהושע בן נון און כלב בן־יפונה האָבען זיי ערקלערט אַז אדרבה ואדרבה! „טובה הארץ מאד”, דאָס לאַנד האָט אין זיך גוטע אייזגענשאַפטען און עס איז מגין אויף די זינדיגע מענטשען, ווייל „המהלך ד׳ אמות בארץ־ישראל מכפרין לו כל עוונותיו” (חז״ל). — דער וואָס גייט פיער איילען אין ארץ־ישראל איז מען איהם מוחל אַלע זיינע זינד. (יערות דבש).

---

## ווען מען מעג פאַרלאָזען ארץ־ישראל.

„ויברח יעקב שדה ארם ויעבוד ישראל באשה ובאשה שמר” (הושע י״ב). לויט׳ן דין זאָל מען נישט פאַרלאָזען ארץ־ישראל נאָר דעמאָלט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען לערנען תורה אָדער וועגען אַ שידוך. אַז דאָס איז מרומז אינ׳ם דאָזיגען פסוק: „ויברח יעקב שדה אדם” איז דאָך שווער: ווי אַזוי האָט ער געמעגט פאַרלאָזען ארץ־ישראל? נאָר איז דער תירוץ: „ויעבוד ישראל באשה ובאשה שמר”, אין חוץ־לארץ איז געווען צוגעגרייט פאַר איהם אַ זווג און ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ שידוך איז ערלויבט צו פאַרלאָזען ארץ־ישראל. (רבי ר יונתן זצ״ל).

---

## אויף די זינד קעגען פאָלק און לאַנד העלפט ניט קיין תשובה.

י ווי באַוואוסט האָט מען די אידען מוחל געווען אַלע באַגאַנגענע זינד, אפילו די זינד פון עגל אַריינגערעכענט, נאָר די זינד פון די מרגלים האָט מען נישט מוחל געווען. דאָס לאָזט זיך דערקלערען דערמיט וואָס ביי יעדען חטא, סיי בין אדם למקום און סיי בין אדם לחברו וואָס אַ מענטש באַגייט, אויב נאָר מען איז מפייס דעם געגען וועלכען מען האָט געזינדיגט, העלפט תשובה און מען איז מוחל די זינד. אַנדערש איז אָבער ווען מען באַגייט אַזאַ זינד וואָס איז געגען די אינטערעסען פון פאָלק — אין אַזאַ פאַל איז שוין נישט פאַראַן קיין צוריק. נישט קיין תשובה און נישט קיין פיוס קאָן דאָ העלפען, ווייל עס שטייט אין פסוק: „בחרב ימותו כל חטאי עמי” — מיט דער שווערד זאָלען געטויטעט ווערען די וואָס זינדיגען געגען מיין פאָלק (עמוס ט׳). (רבי יצחק אלחנן קאָוונער ז״ל).

## נאָר אין ארץ־ישראל וועט דאָס אידישע געלד האָבען אַ קיום.

אויף דעם פסוק „ואברכך", זאָגט רש"י „בממון", ווערט נאָכ־געזאָגט דערויף אינ'ם נאָמען פון ר' אַנשעל ראָטשילד ז"ל אַז די כוונה דערפון איז: השי"ת האָט געזאָגט צו אברהם אבינו: איך וועל דיך בענטשען מיט געלד ערשט דאַן ווען וועסט קומען קיין ארץ־ישראל, ווייל אין גלות ווייפיל געלד דו וועסט דאָרט האָבען, וויפיל דו וועסט דאָרט אַלץ אָנזאַמלען — וועט עס נישט בלייבען אין דיין רשות און עס וועט ביי דיר קיין קיום נישט האָבען. (ר' אַנשיל ראָטשילד).

---

## וועגען שמיטה בזמן הזה.

וועגען דעם אויב שמיטה אין ארץ־ישראל איז נוהג בזמן הזה זענען פאַראַן מחמירים און מקילים. די מחמירים זענען זיך סומך אויף די ווערטער פונ'ם רמב"ם אין הלכות שמיטות ויובלות וואו ער זאָגט קלאָר: „שמיטה נוהגת בפני הבית ושלא בפני הבית". און די מקילים ווייזען אָן אויף אַן אַנדערע שטעלע אין רמב"ם סוף הלכות מלכים וואו עס שטייט „המלך המשיך עתיד לעמוד וכו' וחוזרין כל המשפטים בימיו כשהיו מקודם: מקריבין קרבנות ועושין שמיטין ויובלות ככל מצותה האמורה בתורה", פון דאַנען איז בפירוש צו זעהן אַז די מצווה פון שמיטה ויובל וועט איינגעפירט ווערען ערשט נאָכדעם ווי משיח וועט קומען און די ווערטער פון'ם רמב"ם אַז די מצווה איז נוהג אויך „שלא בפני הבית" — באַהויפּטען די מקילים — באַציען זיך וואָרשיינדלעך אויף דער צייט איידער דאָס בית־המקדש איז געבויט געוואָרען אָבער נישט אויף דער צייט פון נאָך דעם חורבן בית־המקדש. (שו"ת).

---

## די פאַרצייטישע „מעפּילים"

דעם פסוק „ויעפילו לעלות" ערקלערט רבי משה סופר ז"ל אויף פאָלגענדען אופן: טראָץ דעם וואָס מען האָט זיי בפירוש אויפמערקזאַם געמאַכט און זיי געוואָרענט אַז דאָס גיין קיין ארץ־ישראל איז געגען דעם ווילען פון ג־ט, פונדעסטוועגען „ויעפילו לעלות", האָבען זיי אויסגעפירט דעם רצון ד', ווייל „כל מה שיאמר לך בעל הבית

עשה, חוץ מצא״... אַלעס זאָלסטו פּאָלגען דעם בעל הבית אַחוץ דעמאָלט ווען ער הייסט דיך אַרויסגיין. (חתם סופר).

---

## פאַרן אייגענעם מזבח.

עס שטייט: „מזבח „אדמה״ תעשה לי״, מיר האָבען שוין געבראַכט קרבנות פאַר אַלע פעלקער אויף אַלערליי מזבחות און אידיאַלען, עס איז שוין די העכסטע צייט צו ברענגען קרבנות אויף'ן אייגענעם מזבח, פאַר'ן אייגענעם לאַנד פאַר'ן אייגענעם באָדען. (דרוש־וואָרט).

---

## די אָפּגעזאָגטע פון אידישקייט.

דעם פסוק „יגער ד׳ בך השטן וכו׳ ויגער ד׳ בך הבוחר בירושלים״ (זכריה ג׳) האָט דער געוועזענער לובלינער רב אויסגעטייטשט אויף'ן פאָלגענדען אופן: זאָל השי״ת אָנשרייען אויף'ן שטן, פאַרוואָס ער איז מקטרג און קריטיקירט דווקא ירושלים מיט דער טענה אַז די דאָרטיגע אידישע יוגענד איז נישט פרום גענוג און היט נישט אָפּ פּינקטליך די מצוות־התורה און דער גלייכען. מען דאַרף דאָך נעמען אין באַטראַכט אַז „הלא זה אוד מוצל מאש״, אַז די דאָזיגע קריטיקירטע אידישע קינדער זענען דערפאַר אַזוי שטאַרק אָפּגעזאָגט אין ענינים פון אידישקייט ווייל זיי זענען קוים אַרויסגעראַטעוועט געוואָרען פון פייער פון פיין און צרות. אין אַזאַ מצב און אין אַזעלכע טרויעריגע אומשטענדען אין וועלכע זיי האָבען זיך געפונען, האָט דאָך געקאָנט קומען דערצו אַז די נשמה זאָל חלילה וחס אינגאַנצען פאַרברענט ווערען, טאָ, לאָמיר זיין צופרידען וואָס זיי אַרבייטען מיט מסירת־נפש פאַר פאָלק און לאַנד, און עס איז פאַראַן אַ האָפנונג אַז מיט דער צייט וועלען זיי זיך, מיטן אויבערשטענס הילף, אויך אומקערען צו תורה און אידישקייט. (רבי אלי׳ קלאַצקין ז״ל).

---

## מען דאַרף נישט גרינגשעצען די היינטיגע יוגענד.

אין אַ בריוו פון ארץ־ישראל וואָס אַ פאַרצייטישער גרויסער חסידישער רבי, ר׳ מענדעלע וויטעבסקער זצ״ל שרייבט צו זיינע מקורבים, דריקט ער אויס שטאַרקען באַדויערען וואָס מען גרינגשעצט די לעצטע דורות פון „עקבתא דמשיחא״ און ער באַמערקט: „וטפכם אשר אמרתם לבז יהיה וכו׳ וידעו את הארץ״ — דווקא די יוגענד

צו וועלכע מען באַציט זיך מיט ביטול און פאַראַכטונג גראַד זיי וועלען אַרויסווייזן גרויס ליבע און איבערגעבענהייט צום הייליגען לאַנד. (רבי ר׳ מענדעלע וויטעבסקער זצ״ל).

## דעמאָלט ווען ברודער קעמפען דאַרף מען נישט זיצען און צוקוקען.

דעם פסוק „האחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה?״ ערקלערט דער רבי יונתן אייבשיץ ז״ל אויף׳ן פאָלגענדען פשוט׳ען ווערטליכען אופן: וואָס דענקט איהר זיך? „האחיכם יבואו למלחמה״ — צי גלויבט איהר אז בשעת די שונאי ישראל וועלען פירען מלחמה און אָנגרייפען אייערע ברודער און ארץ-ישראל, וועט זיין „ואתם תשבו פה״, וועט מען אייך דען לאָזען זיין בלויזע צוקוקערס און רוהיגע אָבסערוואַטאָרען? — אויב איהר דענקט אַזוי, איז עס אַ פאַלשע איינרעדעניש! איהר זאָלט וויסען זיין, אַז אויב אייערע ברודער אין ארץ-ישראל וועלען זיין פאַרוויקעלט אין אַ מלחמה אין ארץ-ישראל און דאָרט בלוטיגען, וועט אָט די מלחמה א ו י ך א י י ך נישט אויסמיידען און אויך א י ה ר וועט דערפון ליידען. (יערות-דבש).

## די יוגענד און ארץ-ישראל.

ביי אברהם׳ן שטייט „ויבן שם מזבח״, דערויף זאָגט רש״י „על בשורת הזרע ועל בשורת ארץ ישראל״, איינס איז פאַרבונדען מיטן אַנדערען: די „בשורת הזרע״ קען נישט זיין קיין צופרידענע אויב עס איז ניט פאַראַן דערביי אויך די „בשורת הארץ״, ווייל אָהן אַן אייגען לאַנד אָהן ארץ ישראל איז מען גאַרנישט זיכער צו די קינדער וועלען זיך האַלטען ביי אידישקייט און עס איז אַ קנאַפע האָפנונג צו ערוואַרטען צו זעהן ביי זיי אַ עכט אידיש נחת. (בשם גדול אחד).

## די שטראָף איז נאָר אַ צייטווייליגע.

אויף דעם פסוק „חטא חטאה ירושלים על כן לנידה היתה״ (איכה א׳), באַמערקט דער לעמבערגער רב, ר׳ יוסף שאול נאַטאַנסאָן ז״ל פאָלגענדע חאַראַקטעריסטישע ווערטער: דער עונש אויף ירושלים פאַר איהרע זינד איז נישט ווייל דער חטא איהרער ווערט באַטראַכט אַלס „איסור-עריות״ וואָס איז אנ׳ „ א י ס ו ר - ע ו ל ם ״ אַ

שטענדיגער אייביגער איסור, איהר עונש איז דער זעלבער ווי ביי אַ נידה, ווען מען איסור איז נאָר אַ צייטווייליגער און פאַרבייגייענדיגער. (שואל ומשיב).

---

## וואו נאָר מען געפינט זיך דאַרף מען געדענקען ארץ־ישראל

„בכל ארץ אחוזתכם, גאולה תתנו לארץ”, אין אַלע לענדער וואו איהר האָט אייך צייטווייליג באַזעצט, וואו איהר האַלט אייך דאָרט אויף, זאָלט איהר תמיד זיין וואַכזאַם און זעהן אויסצולייזען דעם באָדען פון ארץ ישראל. (בשם גדול אחד).

---

## די פאַרשידענהייט פון ארץ־ישראל קלימאַט.

דער קלימאַט אונטערשייד אין ארץ־ישראל פון איין אָרט צום צווייטען איז זעהר אַ גרויסער. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס וועגען ארץ ישראל ווערט געזאָגט „ארץ צבי כתיב בה” און די חז”ל זאָגען: „בזמן שיושבין עליה — רווחא ובזמן שאין יושבין עליה גמדא” (גיטין כ”ז) קומט אויס אַז פריער, פאַר’ן חורבן איז פון איין אָרט צום אַנדערען געוועזען אַ גרויסער דיסטאַנץ, ממילא איז אויך בנוגע דעם קלימאַט געווען אַ גרויסער אונטערשייד, אָבער נאָכ’ן חורבן ווען דאָס לאַנד איז געוואָרען איינגעשרומפען זענען די ערטער געוואָרען געאָגראַפיש נענטער צו זיך, דער קלימאַט אָבער איז געבליבען דער זעלבער וואָס אַמאָל, פון פאַר’ן חורבן. (בדרך הלצה אין נאָמען פון רבי זאָנענפעלד זצ”ל).

---

## זעהט אַז אַנדערע זאָלען ניט דאַרפען דערמאָנען.

עס שטייט: „שאלי שלום ירושלים יהי שלום בחילך”. דאָס איז אַ ווענדונג צו די אידען, אַז זיי זאָלען זיך אַליין אינטערעסירען וועגען גורל פון ירושלים, וועט ממילא קומען דערצו אַז עס וועט זיין „שלום בחילך” און איהר וועט פאַרמיידען אז די שונאי ישראל זאָלען אייך דאַרפען וועגען דעם דערמאָנען. (כתב־סופר).

---

## אַ מערקווירדיגע שטעלע.

אַן אינטערעסאַנטע, מערקווירדיגע שטעלע וועגען ארץ־ישראל איז פאַראַן אינ’ם ספר אהבת יונתן פון באַוואוסטען גאון רבי ר’ יונתן

אייבשיץ זצ"ל: אויף דעם פסוק „השבעתי אתכם בנות ירושלים וכו' זאָגען די חז"ל „שלא יעלו ישראל בחומה" (כתובות קי"א), באַמערקט דערויף דער בעל „אהבת יונתן" אַז דערמיט ווערט געמיינט „אפילו ברשות האומות", דאָס הייסט, אַז אידען זאָלען נישט עולה זיין און אויפבויען ארץ־ישראל אפילו דאַן ווען די פעלקער וועלען זיי געבען אַן ערלויבעניש דערויף. די געגנער פון די חיבת־ציון באַוועגונג פלעגען זיך זעהר אָפט באַנוצען מיט דעם דאָזיגען מאמר. דער סאָכאָטשעווער גאון, ר' אברהמ'לע זצ"ל ציטירט די דאָזיגע שטעלע און ער ערקלערט דערויף אַז די הלכה איז ווי רש"י, וועלכער איז מפרש די ווערטער „שלא יעלו בחומה" — „יחד ביד חזקה" ד. ה. נישט מיט געוואַלד. (אבני נזר).

## אַ פאָלק וואָס פאַרגעסט נישט דעם חורבן.

אַ פאָלק, וואָס דורי דורות, אין משך פון גאַנצען פעריאָד פון גלות, פאַרגעסט עס נישט און גיסט כסדר טרערען אויף דעם חורבן פון זיין לאַנד — אַזאַ פאָלק קען אויך האָבען אין זיך די פולסטע זיכערקייט, אַז זיין האָפנונג צוריק צו עראָבערען דאָס לאַנד וועט פאַרווירקליכט ווערען. און דאָס איז דער זין פוג'ם פסוק: „זכור תזכור וכו' על כן אוחיל" (איכה ג' כ') אויב עס קען זיין אַ „זכור תזכור" אַ שטענדיג פערמאַנענט געדענקען, קען אויך זיין „על כן אוחיל", קען מען גאַנץ דרייסט זיין פול מיט האָפנונג. (בינה לעתים).

## נאָר אויף'ן אייגענעם באָדען.

אויפ'ן פסוק: „ליראה אותי כל הימים אשר הם חיים על האדמה" (דברים ד) זאָגט דער אבן־עזרא פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „וטעם כל הימים אשר הם חיים על האדמה, כי השם ידע שלא יוכלו לעשות מצוותיו כראוי והם בארצות המושלים בהם" — דאָס הייסט, כדי מקיים צו זיין ווי עס דאַרף צו זיין אַלע מצוות השם און צו קומען צו דער געהעריגער מדרגה פון „ליראה אותי" — אַזאַ זאַך איז נאָר מעגליך אויסשליסליך „על האדמה", אין ארץ־ישראל. (אבן־עזרא).

## פאַרוואָס משיח איז נאָך נישט געקומען?

דעם פסוק: „מדוע לא בא בן־ישי גם אתמול גם היום אל הלחם" (שמואל א') האָט אַ פאַרצייטישער רבי אויסגעטייטשט אויף'ן פאָלגענדען

אופן: מדוע? פאַרוואָס? וואָס איז די סיבה וואָס „לא בא בן־ישי גם אתמול", וואָס משיח איז נישט געקומען אין פאַרגאַנגענע, פריערדיגע דורות ווען עס זענען געווען אזויפיל צדיקים און גאונים, „גם היום" און אויך ניט אין אונזער היינטיגער צייט, ווען דאָס מעסטעל פון פיין און צרות איז שוין אַזוי גרויס? אויב דאָס איז אומפאַרשטענדליך, זאָל מען וויסען אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל „אל הלחם"! ווייל דער גאַנצער געדאַנק וועלכער באַשעפטיגט דעם אידישען מח איז נאָר וועגען ברויט־פראַגען און מאַטעריעלע, גשמיות'דיגע הצטרכות'ן, און האָבען ווייניג אין זינען דעם כלל־ישראל, צרת־ישראל און ארץ־ישראל. (פאַרצייטישער צדיק).

## אין ארץ־ישראל דאַרף מען לעבען באַשיידען.

אין פסוק שטייט: „מי יעלה בהר ד' ומי יקום במקום קדשו" (תהלים ס"ד). דאָס עולה זיין קיין ארץ־ישראל איז געגליכען צו דער שטייגערונג פון אַ באַרג, ווען מען שטייגט אויף אַ באַרג וואַרפט מען פון זיך אַראָפּ אַלע שווערע באַלאסטען און קליידער, און מען נעמט זיך מיט נאָר די זאַכען וואָס זענען אַמנויטיגסטען, דאָס זעלבע דאַרף זיין אויך ווען מען גייט קיין ארץ־ישראל — מען דאַרף דאָרט אַזוי איינאָרדנען דאָס לעבען אַז אַלץ זאָל זיין אויף אַ באַשיידענעם אופן, אהן לוקסוס, אָהן ספּעציעלע פאַרלאַנגען און אַמביציעס; ווען מען קומט אויפ'ן „ארץ־ישראל באַרג", דאַרף מען זיין צופרידען אַז מען האָט דאָס נויטיגסטע. (רבי חיים יוסף דוד אזולאי זצ"ל).

## די קינדער פון פרומע עלטערען.

ווען עס האָט זיך מיט יאָרען צוריק אָנגעהויבען די חיבת־ציון באַוועגונג האָט עס אָנגעטראָפען אויך גרויס געגנערשאַפט מצד די פרומע, אָרטאָדאָקסישע קרייזען. זייער מאָטיוו איז געווען וואָס על פי רוב באַשטייען די טוער און בויער פון נישט פרומע עלעמענטען. האָט דערויף איינער פון די גדולי הדור באַמערקט, אַז נאָך דוד המלך האָט פאַראויסגעזעהן דעם דאָזיגען אופן פון שיבת־ציון. אין תהלים ווערט געזאָגט „וזרע עבדיו ינחלוה ואוהבי שמו ישכנו בה" (תהלים ס"ט). עס שטייט דער אויסדרוק „וזרע עבדיו" און נישט „עבדיו ינחלוה". דאָס מיינט מרמז צו זיין אַז די קינדער פון זיינע קנעכט, די יוגענד וואָס שטאַמט פון פרומע עלטערען וואָס האָט

זיי אַליין וועלען ניט זיין פרום געגוג, דאָך וועלען זיי אַרבען דאָס לאַנד און צוגרייטען אַז עס זאָל זיין „ואוהבי שמו ישכנו בה״. (בשם גדול אחד).

## די פאַר׳עקשנ׳טע אַסימילאַטאָרען.

אין פסוק שטייט: „והביאו את כל אחיכם מכל הגויים מנחה לד׳ בסוסים וברכב ובצבים ובפרדים ובכרכרות״ (ישעיהו ס״ו). וועלכע אידען וועלען דאָס זיצען מיט פאַרלייגטע הענד און וואַרטען ביז די גוים וועלען זיי ברענגען קיין ירושלים? די שטאַרק פרומע אידען, הערענדיג, אַז משיח איז געקומען, וועלען דאָך זיכער אַליין לויפען מיט׳ן גרעסטען אימפעט, די ווייניג פרומע, וועלען אפשר גיין אביסעל פאַמעליכער, אָבער גיין וועלען זיי זיכער, טאָ וועמען מיינט דאָ דער פסוק? נאָר ווייזט אויס, אַז דער נביא האָט פאַראויסגעזעהן, אַז אויך דאַן, ווען יעדער וועט שוין זעהן באַשיינפערליך אַז די שעה פון דערלייזונג האָט שוין געשלאָגען, וועלען זיך נאָך אַלץ געפינען אַזעלכע אידעלעך, פאַרזונקענע אין טומאת הגלות און דורכגעפרעסענע דורך די אַסימילאַציע־גיפטען, וואָס ווען אפילו זיי וועלען דערהערען אַז משיח איז געקומען וועלען זיי זיך נישט רירען פון זייער פאַרגליווערט־קייט און די גויים וועלען זיי מוזען מיט צוואַנג אַרויפזעצען אויף פערד און וואגען און זיי אַוועקפירען אַלס „מנחה״ אלס „מתנה״ קיין ירושלים, ווייל אַליין גיין — דאָס נישט! (רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל).

## לשון־הקודש.

וועגען די לייט, וואָס לעבען אין ארץ־ישראל, און זענען פורקי עול, היטען נישט אָפּ די מצוות השם, רעדען לשון־הקודש און פאַר־שפרייטען אפיקורסות און כפירה אין דער הייליגער שפּראַך, געפינט זיך אין דעם ספר „אבני אזל״ פאָלגענדער טרעפליכער געדאַנק: אין ירושלמי (סנהדרין פ״ז) געפינט זיך אַ מערקווירדיגער מאמר וואָס לייענט זיך: „מסית אומר בלשון הקדוש ומדיח אומר בלשון הדיוט״. דער זין דערפון איז: אַ סך ווילען אַוועקרייסען די יוגענד פון אידיש־קייט מיטן כח פון לשון־הקודש און דווקא אין דער הייליגער שפּראַך פאַנגען זיי די נשמות און פלאַנצען איין כפירה און ג־ט לאָזיקייט אין די יונגע אידישע הערצער. אַנדערע ווידער פאַרשפּרייטען דברי מינות און כפירה׳דיגע געדאַנקען דורכ׳ן אָנגעמען זיך פאַר דער

אידישער שפּראַך, די שפּראַך פון די אידישע פאָלקס־מאַסען — לשון הדיוט. אָבער ביידע סאָרטען כפירה־פאַרשפּרייטער זענען מסיתים און מדיחים, סיי ווען עס ווערט געמאַכט אויף לשון־הקודש און סיי ווען מען מאַכט עס אויף אידיש. לויט'ן דין אָבער איז דער מסית געפערליכער און שעדליכער פון דעם מדיח, טאַקע דערפאַר, ווייל ער שטיצט זיך אויף כלומר'שטער קדושה, פּרעדיגענדיג זיינע געדאַנקען פון כפירה אויף לשון־הקודש. (אבני אזל).

---

## נאַציאָנאַלער שטאָלץ.

נאָר דעמאָלט ווען אידען געפינען זיך אין ארץ־ישראל קענען זיי האָבען נאַציאָנאַלען שטאָלץ און ווירדע. דאַגעגען אין גלות איז זייער שטאָלץ געבראָכען. אויף דעם פסוק: „במסתרים תבכה נפשי מפני גוה" זאָגען די חז"ל: „אמר ר' שמואל בר יצחק: מפני גאותם של ישראל שנטלה מהם ונתנה לאומות העולם" (חגיגה ה') — דער רבונו של עולם, כביכול, וויינט אין די מסתרים אויף דעם וואָס דער אידישער שטאָלץ איז אָוועקגענומען געוואָרען און איז געגעבען געוואָרען צו די אומות־העולם. די שרעקליכסטע קללה וואָס עס שטעלט פאָר דעם גלות מיט זיין גאַנצער טראַגישקייט איז אויסגעדריקט אין דעם פסוק „ושברתי את גאון עזכם" (ויקרא ל"ג, י"ט) (דרוש־וואָרט).

---

## דער חנוך פון דער יוגענד.

**אמר רבי אליעזר ב"ר שמעון, נוח לו לאדם לגדל לגיון אחד משל זיתים בגליל ולא תינוק אחד בארץ־ישראל (בראשית רבה). צוויי שווערע פאַראַנטוואָרטליכקייטען און אויפגאַבען האָט מען פאָר זיך אין ארץ־ישראל, מען דאַרף אויפבויען דאָס לאַנד און מען דאַרף אויך געבען אַ געהעריגע תורה'דיגע ערציהונג דעם יונגען אונטערוואַקסענדען־דור. פון דעם מאמר חז"ל איז צו זעהן אַז די צווייטע, דער חנוך פון דער יוגענד איז די שווערסטע אויפגאַבע. (דרוש־וואָרט).**

---

## אַ פשוטע, נאַטירליכע זאַך.

**„עתידה ארץ „שתתפשט" בכל הארצות (חז"ל). אַ באַקאַנטער גדול האָט אויסגעטייטשט דעם דאָזיגען מאמר חז"ל אויף פאָלגענדען**

אופן: עס וועט קומען אַ צייט ווען דער געדאַנק אַז גאַנץ ארץ ישראל זאָל געהערען צו אידען וועט ווערען אַ „פשטות״, אַ פשוט׳ע נאַטירליכע זאַך ביי די פאָרשטעהער פון אַלע פעלקער. (בשם גדול אחד).

---

## אַ וויזיע פון אַ פאַרצייט׳ישען מקובל.

דער גרויסער מקובל רבי משה קאָרדאָווירע זצ״ל רעדענדיג וועגען דער צוקונפט שרייבט צווישען אַנדערען פאָלגענדע ממש נביאאישע ווערטער: „בימים ההם יתחרו בגוי בגוי, חרב איש ברעהו וישראל יהי׳ ביניהם צער גדול, וכל אחד ואחד ירצה לבוז את הרחלה הזאת ולאכול את בשרה ויתגלה אליהם משיח בעוני גדול ואז ירבו ויגדלו הניסים עד אין קץ אשר אין הפה יכול לדבר ולא שכל לשער״. — אין „יענע טעג״ וועט איין פאָלק מיט׳ן אַנדערען קאָנקו־רירען און זיך אַרומרייסען, איינער וועט דעם אַנדערען אריינשטעכען אַ שווערד, און דאָס אידישער פאָלק וועט צווישען זיי ליידען אונגעהויערן צער און יעדער איינציגער וועט וועלען באַרויבען דאָס דאָזיגע עלענדע שעפעלע און עסען איהר פלייש. אינמיטען דעם דאָזיגען גרויסען פיין וועט משיח זיך אַנטפלעקען און פון דעמאָלט אָן וועלען די ניסים זיך פאַרגעסערען און מעהרען ביז אָהן אַ סוף די ניסים וועלען זיין אַזוי וואונדערליך אַז דאָס מויל וועט עס גאַרנישט קענען דערציילען און דער שכל וועט עס נישט אימשטאַנד זיין צו באַגרייפען. (שיעור קומה).

---

## מיט אייגענער און השי״ת׳ס הילף.

האָטש די פולשטענדיגע גאולה איז אינגאַנצען אָפּהענגיג פון השי״ת, דאָך מוזען די אידען אַליין אַרויסוויזען די גרעסטע אָנשטרענ־גונגען צוריק צוקערען אין הייליגען לאַנד, און דאָס איז דער פשט פונ׳ם פסוק אין וועלכען השי״ת האָט געזאָגט צו יעקב אבינו: „שוב לארצך ולמלודתך ואיטיבה עמך״. עס שטייט נישט „ואיטיבה לך״ — איך וועל דיר גוטס טאָן, נאָר „ואיטיבה עמך״, איך וועל מיט דיר גוטס טאָן. דאָס הייסט, איך מיט דיר צוזאַמען, דו, טו דאָס דיינע און זיי מקיים דעם „שוב לארצך ולמולדתך״, און איך וועל דיר שוין צוהעלפען. (כתב סופר).

---

## ווען מען דאַרף זיך פרייען.

עס שטייט „והיה כי תבואו אל הארץ״. דער אויסדרוק „והיה״ איז אַ לשון שמחה, אָנצודייטען אַז מען קען זיך נישט פרייען נאָר דווקא ווען מען קומט קיין ארץ ישראל. (אור־החיים).

---

## אַ שאַרפזיניגער רמז.

אין פסוק שטייט: „ולקחתי אתכם אחד מעיר ושנים ממשפחה והבאתי אתכם ציון (ירמיהו ג׳). דער זין דערפון איז, אַז די צוקונפ־טיגע גאולה און דאָס ברענגען דאָס אידישע פאָלק אין ציון וועט זיין דורך אַזעלכען וואָס וועט גערופען ווערען אויפ׳ן נאָמען פון זיין שטאָט און דורך צוויי וואָס וועלען באַצייכענט ווערען אויפ׳ן נאָמען פון זייערע משפחות; „אחד מעיר״ דאָס מיינט מען אליהו הנביא, וועלכער ווערט גערופען „אליהו התשבי״, „אליהו הגלעדי״, אָבער דער נאָמען פון זיין משפחה ווערט אין ערגעץ נישט דערמאָנט. „ושנים ממשפחה״ ווערט געמיינט משיח בן יוסף און משיח בן דוד, וועלכע טראָגען די נעמען פון זייערע משפחות און אָפשטאַם. (ווילנער גאון זצ״ל).

---

## אין ארץ־ישראל מוז מען פירען אַ נאָרמאַל לעבען.

אין פסוק שטייט: „ובני ישראל אכלו את המן וכו׳ עד בואם אל ארץ נושבת״ (בשלח ט״ז). דער זין דערפון איז: ווען אידען געפינען זיך אין גלות, אין דער מדבר וואו עס קומט זיי אויס צו לעבען אין שווערע אומנאָרמאַלע באַדינגונגען, דאַן מוזען זיי זיך אויסהאַלטען מיט ניסים, מיט מן פון הימעל, מיט „בארה של מרים״, מיט „שמלתך לא בלתה״ און דער גלייכען. דאַגעגען, אָבער, ווען זיי קומען „אל ארץ נושבת״, אין אייגענעם לאַנד, דעמאָלט דאַרף מען זיך שוין נישט פאַרלאָזען אויף בלויז ניסים, דאַן איז די צייט אָנצוהויבען פירען אַן אַרבייטזאַם, פּראָדוקטיוו און נאָרמאַל זעבען אַזוי ווי אַלע נאָרמאַלע מענטשען. (רבי מרדכי גימפעל יפה ז״ל).

---

## שכר אַהן אַ גרעניץ.

די וואָס קומען קיין ארץ ישראל און פירען זיך דאָרט אויף לייכטזיניג און קריגען זיך אַרום — אויף די לייען איך דעם פסוק:

„ותבואו ותטמאו את **ארצי**, מי בקש זאת מידכם רמוס **חצרי**", **אָבער** דער וואָס קומט אַהין מיטן צוועק זיך **אויפצופירען בקדושה ובטהרה,** **פאַר דעם איז גאָרנישט פאַראַן** קיין **גרעניץ** צו זיין שכר. **(ארחות־חיים,** פון רבי אהרן הכהן פון לוניל).

---

## קלות־ראש.

אין בבא בתרא צ' רעכענט די גמרא אויס די **זאַכען פון „צרכי** אוכל נפש" וואָס מען טאָר נישט אַרויספירען **פון ארץ־ישראל. „אין** מוציאין פירות מא"י דברים שיש בהם חיי נפש כגון ייִנות **ושמנים,** ר' יהודה בן בתירא מתיר ביין מפני שממעט את **התיפלה". — מען** טאָר נישט אַרויספירען פון א"י קיין פרוכטען, **זאַכען** וואָס **זענען** פאַר דער דערנערונג פוג'ם נפש ווי **צ. ב.** ווייִנען, **אוילען. ר' יהודה** בן בתירא איז מתיר ביי וויין, ווייל וויין **ברענגט** צו **קלות־ראש. דערויף** האָט איינער פון די גדולי ישראל באַמערקט: אויב **זאַכען וואָס ברענגען** **צו קלות־ראש מעג מען** אַ ר ו י ס פ י ר ע ן **פון ארץ־ישראל, נאָר** מען **דאַרף** מענטשען, וועלכע **ברענגען** אַריין קלות־ראש, געוויס נישט אַ ר י י נ ל אָ ז ע ן אין הייליגען לאַנד. (בשם גדול אחד).

---

## מעלות און חסרונות.

די מפרשים פרעגען: די מרגלים, אויסרעכענדיג די **חסרונות** פון ארץ־ישראל, האָבען זיי דאָך אויך געשילדערט די מעלות **זאָגענדיג** בפירוש: „וגם זבת חלב ודבש היא", **טאָ פאַרוואָס איז זייער חטא** אַזוי גרויס געווען? נאָר ווערט דערויף דערקלערט: פון **דעם אופן** און אַרט ווי אַזוי אַ מענטש ענטפערט אויף אַ פראַגע קען מען **זעהן זיין** שטעלונג און מיינונג וואָס ער האָט: האָט מען אַ גוטע, **פאָזיטיווע** מיינונג רעכענט מען צוערשט אויס די חסרונות און **שאָטען־זייטען** און דערנאָך גיט מען צו „דאָך, טראָץ דעם", נישט געקוקט **אויף** די אַלע שאָטען־זייטען האָט זי דאָך אַזעלכע און **אַזעלכע מעלות, וועלכע** איבערוועגען די חסרונות. דאַגעגען אָבער, ווען עמיצער האָט אַ שלעכטע מיינונג וועגען עפּעס אַ זאַך אָדער **געגענשטאַנד, הויבט ער** אָן זיין שילדערונג מיט די מעלות און **פאַרענדיגט מיט די חסרונות** און שאָטען־זייטען. דער רושם וואָס עס **בלייבט ביים צוהערער פון** **אַ דערציילונג** איז שטענדיג דער אופן **פון דערציילען און דער** ל ע צ ט ע ר אויספיר און מסקנה, צו וועלכער **דער דערציילער** קומט

דער זעלבער פאַל איז אויך געווען ביי די מרגלים. זיי האָבען אָנגע־
הויבען צו דערציילען וועגען דעם לאַנד פון די גוטע, פּאָזיטיווע זייטען
וואָס דאָס לאַנד באַזיצט: „באנו אל הארץ וגם זבת חלב ודבש היא״,
אָבער לײדער — האָבען זיי באַלד געפּרואווט אָפּשוואַכען דעם ערשטען
איינדרוק — וואָס פּאַרוואָס ווערט האָבען די אַלע זאַכען און וואָס קומט
אַרויס פון די אַלע גוטע זאַכען וואָס דאָס לאַנד באַזיצט, אַז מיר זעהן,
אַז עס איז „אפס כי עז העם הזה״. (מפרשים).

---

## דער שטן וואָס פאַרשטעלט זיך מיט ליבשאַפט צו ירושלים.

עס שטייט אין פסוק „וגער ד׳ בך השטן וכו׳ ויגער ד׳ בך הבוחר
בירושלים״. דער אויסדרוק הבוחר בירושלים באַציט זיך אויפ׳ן שטן
וואָס פאַרשטעלט זיך מיט זיין ליבשאַפט צו ציון וירושלים כדי אַזוי
צו קענען אָוועקרייסען אידען פון אידישקייט. (דער מינסקער גדול ז״ל).

---

## נישט מיט׳ן כח פון כלי־זיין.

יעקב אבינו האָט געבענשט זיין זון און געזאָגט: „יהודה אתה
יודוך אחיך״. אין דער ברכה פון יהודה זענען פאַראַן אַלע אותיות
פון דער תורה, גאַנץ אלף־בית, אַ חוץ דער אות „זיין״, דאָס איז
אָנצודייטען, אַז דער נצחון פון מלכות ישראל וועלכעס שטאַמט פון
שבט יהודה, וועט נישט פאַרקומען דורך דער הילף פון שווערד און
ביקס און כלי־זיין, נאָר מיט׳ן כח פון גייסט, „לא בחייל ולא בכח
כי אם ברוחי״. (רבנו בחיי).

---

# חסידישע ווערטער און רעיונות

## אַ פּייערל וואָס ברענט אייביג.

די תלמידים פון רבי נחמן ברעסלאווער זענען אַלע געוועזען
דורכגעדרונגען מיט אַ גרויסע, פייערדיגע ליבע צום הייליגען לאַנד.
זיי האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז אָט די דאָזיגע שטענדיגע אהבת־
ארץ־ישראל נעמט זיך און ציהט איהר יניקה פון זייער הייליגען רבי׳ן,
וועמענס נשמה איז געווען שטאַרק דבוק אין ארץ־ישראל אויסדרוקענדיג
זיך: „מיין פייער׳ל וועט שוין אַזוי ברענען (טליען) ביז משיח וועט
קומען״. (סיפורי חסידים).

## אַז מען איז דאָרט מיט דער מחשבה.

רבי יעקב יוסף פון פולנאה, דער בעל „תולדות" שרייבט: „אפילו הוא דר בחוץ־לארץ וחושב תמיד על ארץ־ישראל וחושק אליה דומה כמו שאין לו אלוה, אבל באמת יש לו כי מחשבתו תמיד לארץ־ישראל" — אפילו דער וואָס וואוינט אין חוץ־לארץ און ער טראַכט שטענדיג וועגען ארץ־ישראל און ער גלוסט צום הייליגען לאַנד, איז גאָר גלייך ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין ג־ט, אָבער באמת האָט ער יאָ אַ ג־ט, ווייל זיין מחשבה איז שטענדיג אין ארץ־ישראל. „במקום המחשבה שם האדם" — דאָרט וואו די מחשבה איז, דאָרט איז דער מענטש (בעש"ט). (בן־פורת־יוסף).

---

## דער בעש"ט האָט געדאַרפט זיין אין חוץ־לארץ.

ווי באַוואוסט איז דער בעש"ט זצ"ל געשטערט געוואָרען צו קומען קיין ארץ־ישראל. פאַרשידענע מניעות און סיבות זענען געוועזן דערביי. דערויף האָט דער „בעל התניא" געשריבען צו רבי ישראל פלאָצקער זצ"ל בזה הלשון: „דכירנא עוד מבית אדמו"ר: יש נשמות שצריכות דווקא ארץ־ישראל ויש נשמות שצריכות דווקא חוץ־לארץ" — פאַראַן נשמות וואָס דאַרפען דווקא א"י און פאַראַן אַזעלכע נשמות וואָס דאַרפען דוקא חוץ־לארץ. (מסיפורי חסידים).

---

## ארץ־ישראל איז מסוגל צו גשמיות און צו רוחניות.

אין דעם בריוו וואָס דער גערער רבי ר' אברהם מרדכי אַלטער זצ"ל האָט געשריבען פון ארץ־ישראל נאָך זיין ערשטען באַזוך דאָרט אין יאָר 1921 שרייבט ער צווישען אַנדערען פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „הנני שבע רצון מאד בראותי כי יכולים גם לבוא אל המנוחה ולהתנהג בארץ־ישראל בדרכי היהדות כאשר הורונו אבותינו ואבות אבותינו וכו'. אלו שאין יכולים להשתקע בארץ הקדושה, יפרישו כל אחד מהונו סכום מסוים ולקנות לו שם חבל ונחלה, והוא נושא פירות גם בעולם הזה".

---

איך בין זעהר צופרידען זעענדיג אַז מען קען דאָ פירען אַ מנוחה'דיג, רוהיג לעבען און זיך אויסלעבען אויף דעם וועג און גייסט פון אידענטום אַזוי ווי עס אונז געלערענט אונזערע עלטערען און

אונזערע עלטערענס עלטערן... די וואס קענען זיך נישט באזעצן אין הייליגען לאנד, זאל יעדער דארט אינוועסטירען א באדייטענדע סומע פון זיין פארמעגען און קויפען א נחלה און ער וועט נושא פירות זיין אפילו אויף דער וועלט. (אוסף מכתבים).

## באשערט פון הימעל.

רבי צבי קאמינקער זצ״ל, א חבר פון רבי גרשון קיטיווער זצ״ל האט שטארק משתוקק געווען צו פארען קיין ארץ־ישראל. ער האט אבער נישט געהאט קיין געלד אויף הוצאות. איינמאל איז צו איהם געקומען א דארפסמאן און האט איבערגעלאזט ביי איהם א פאר שיך. ווען די רביצין האט אויפגערוימט די שטובען, האט זי באמערקט אין א ווינקעל א פאר שיך פון וועלכע עס האט ארויסגעשטעקט פיל געלד. די רביצין איז געלאפען דאס דערציילען איהר מאן. הערענדיג די דאזיגע בשורה האט רבי צבי געזאגט צו זיין ווייב: זעהסט, דאס האט מען מיר צוגעשיקט פון הימעל כדי איך זאל האבען אויף הוצאות קיין א״י. (אור ישראל).

## דער ארץ־ישראל־הימעל.

דער הימעל אין ארץ־ישראל איז אנדערש פון אנדערע הימלען; חאטש מיט׳ן גשמיות׳דיגען אויג זעהט דער מענטש נישט קיין שום אנדערשטקייט, דאך אבער דער וואס לעבט אין ארץ־ישראל, האט ליב דאס לאנד און גלויבט אין דער הייליקייט וואס שוועבט דארט, דער קען זען דעם אונטערשיד פון די הימלען. (רבי נחמן ברעסלאווער זצ״ל).

## טריט ביי טריט.

א רמז, אז מיר דארפען שטרעבען צו דערגרייכען ארץ־ישראל נישט מיטאמאל נאר ביסלעכווייז איז פון דעם אויסדרוק „עקבתא דמשיחא״ (פון לשון „עקב״, טריט) דאס הייסט, עס דארף פארקומען בהדרגה, שריט נאך שריט. (רבי ר׳ בונם פשיסחער זצ״ל).

## אז מען גייט ארויס פון לאנד.

כי תצא — (אויב וועסט ארויסגיין פון ארץ־ישראל אין חוץ לארץ) למלחמה, זאלסטו וויסען אז וועסט דארפען פירען א מלחמה

פאַר דיין עקזיסטענץ און פאַר דעם קיום פון דער תורה. (רבי ר׳ יצחק יעקב פון לובלין, דער „חוזה״ זצ״ל).

---

## דער ניגון פון ארץ־ישראל.

יעדע זאַך אין דער וועלט האָט איהר ניגון, יעדער דומם, חי וצומח ומדבר האָט אַ ניגון, יעדע אומה האָט אַ ניגון, אפילו די אמונה האָט איהר ניגון און אויך ארץ־ישראל האָט איהר ניגון און ווען יעקב אבינו האָט געשיקט פון ארץ־ישראל צו די קינדער „מזמרת הארץ״, מיינט דאָס, אַז ער האָט געשיקט אַ „ נ י ג ו ן ״ פון ארץ־ישראל אין מצרים אַריין. (רבי ר. נחמן ברעסלאָווער זצ״ל).

---

## די צוויי חשוב׳סטע בערג אין ארץ־ישראל.

דער „דברי חיים״, רבי ר׳ חיים סאַנדזער רב זצ״ל איז אין זיינע יוגענד־יאָרען געוועזן אַ תלמיד פון רבי ר׳ שמעון סופר, דער קראָקאווער רב זצ״ל. אין די שפּעטערע יאָרען האָט דעם סאַנדזער אָנגעהויבען צו פאָרען צו רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזינער צדיק זצ״ל. צוריקפאָרענדיג, איינמאָל, פון ריזין דורך קראָקא האָט איהם רבי שמעון זיין פריערינער רבי, האַלב ערנסט־האַלב־ווערטעלדיג געפרעגט: — „האַלט איהר טאַקע אַז דער ריזינער איז אַ גרעסער גאון פון מיר״? דערויף האָט איהם דער סאַנדזער געענפערט: „אין ארץ־ישראל זענען פאַראַן צוויי חשוב׳ע בערג, דער „הר־סיני״ אויף וועלכען עס איז געגעבען געוואָרען די תורה, און דער „הר־המוריה״ אויף וועלכען יצחק אבינו איז געבראַכט געוואָרען צו דער עקדה. איז דאָך אין פלוג אונפאַרשטענדלעך: פאַרוואָס איז דער בית־המקדש געבויט געוואָרען אויף׳ן המוריה און נישט אויפ׳ן הר סיני אויף דעם פּלאַץ וואו די תורה איז געגעבען געוואָרען? נאָר, ווייזט אויס, אַז דער פּלאַץ וואו אַ איד איז גרייט אויסצושטרעקען דעם האַלדז פאַר׳ן רבונו של עולם, איז ביים באַשעפער אַסך וויכטיגער פון דעם אָרט וואו די תורה איז געגעבען געוואָרען. תורה און לומדות — האָט רבי חיים צוגעגעבען — איז ביי אייך דאָ זעהר אַסך, אָבער אין ריזין האָב איך געזען גרייטקייט פאַר קדוש־השם״. (שמועות טובות).

---

## „גלגול מחילות"

אַ חסיד איז אַמאָל געקומען צו רבי מענדעלע קאָצקער זצ"ל און איהם געזאָגט אַז ער האָט באַשלאָסען צו פאָרען קיין ארץ־ישראל. וואָס האָט דיך באַוואויגען צו דער החלטה? האָט איהם דער קאָצקער געפרעגט — דערויף האָט איהם דער חסיד געענטפערט: איך וויל דערפאַר פאָרען קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו שטאַרבען און דאָרט באַגראָבען ווערען נישט דאַרפענדיג דורכצומאַכען „גלגול מחילות". — אַט דאָס הייסט אַ אמת'ער בעל־גוף און בעל־תענוג — האָט דער קאָצקער סאַרקאַסטיש אַ זאָג געטאָן — דער איד האָט זיך אַזוי ליב, אַז אפילו נאָך'ן טויט האָט ער מורא אַז זיין גופ'ל זאָל נישט חלילה ליידען קיין יסורים. (געהערט פון אַ חסיד).

---

## די מערהייט דעצידירט.

ווען רבי נחמן ברעסלאָווער האָט באַשלאָסען צופאָרען קיין ארץ־ישראל, האָבען זיין בני בית איהם אָפּגערעדט דערפון, מחמת אַזאַ רייזע אין דאַמאָלסדיגע צייט איז געווען זעהר ריזיקאַליש און איז געווען פאַרבונדען מיט גרויס סכנת־נפשות. רבי נחמן זצ"ל האָט זיך אָבער נישט געלאָזט באַאיינפלוסען פון די רייד פון זיין פאַמיליע און ער האָט געזאָגט: „איך וועל מייך באַשלוס נישט ענדערען און איך וועל זיכער פאָרען". מיט'ן רוב — האָט ער געטענה'ט — בין איך שוין דאָרט און מיר האָבען אַ כלל אַז „מעוטא בתר רובא אזלי" — די מינדערהייט גייט נאָך דער מערהייט. (שבחי הר"ן).

---

## די הויפּט אַרבייט אין משיח'ס צייטען.

רבי שניאור זלמן שניאורסון דער בעל „התניא" זצ"ל האָט שטאַרק אַגיטירט אַז מען זאָל שיקען וואָס מעהר צדקה־געלד קיין ארץ־ישראל און אויסצוהאַלטען די וואָס ליידען דאָרט נוים. צווישען אַנדערען האָט ער געשריבען: כל עיקר עבודת ד' בעתים הללו בעקבות דמשיחא היא עבודת הצדקה — די הויפּט געטליכע אַרבייט אין די דאָזיגע צייטען, די צייטען פון משיח, דאַרף זיין די אַרבייט פון צדקה. (אגרת־הקודש).

---

## דער פּלאַן פון׳ם צוקונפטיגען בית־המקדש.

דער דין איז: „לא ליסתר אינש בי כנישתא עד דבני בי כנישתא אחריתא״ — מען טאָר נישט צעלייגען אַ שוהל איידער מען בויט אויף אַ צווייטע. אין די מדרשים ווערט געזאָגט אַז השי״ת אַליין איז מקיים די תורה. איז דאָך אַ פראַגע, ווי אַזוי האָט מען פון הימעל געקענט דערלאָזען צום חורבן פון בית־המקדש? נאָר מוז דאָך זיין אַז נאָך פאַר׳ן חורבן איז שוין אין הימעל געוועזען פאַרטיג דער גאַנצער בנין לעתיד — הייסט עס שוין ממילא „עד דבני בי כנישתא אחריתא״.

דאָס איז אויך מרומז אין פסוק: (איכה ב׳) חשב ד׳ להשחית חומת ציון — דער אויבערשטער האָט געוואָלט צעשטערען די מויער פון ציון, — האָט אָבער די דאָזיגע מחשבה נישט געקענט אויסגעפירט ווערען ביז עס איז פריער געוועזען — „נטה קו״ — מ׳האָט געהאָט געמאַכט דעם פלאַן פונ׳ם צוקונפטיגען בית המקדש. דעמאָלט ערשט, „לא השיב ידו מבלע״ — האָט די מחשבה געקענט אויסגעפירט ווערען. (גערער רבי זצ״ל).

---

## ארץ־ישראל און שבת.

ארץ־ישראל איז די נשמה פון אידישען פאָלק, דער שבת — די נשמה יתרה. דאָרט ווי ו׳איז פאַראַן נשמה איז דאָ פלאַץ פאַר נשמה יתרה. (פאַרצייטישער צדיק).

---

## דער גלות איז אַזוי שווער.

רבי פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל האָט שטאַרק געבענקט נאָך ארץ־ישראל. אין מינוטען פון גרויס דבקות האָט ער געזאָגט בזה הלשון: „דער גלות איז אַזוי שווער און דער וועג קיין ארץ־ישראל איז אויך אַזוי שווער. „א י ך ק ע ן ז י ך נ י ש ט ק י ה ל ע ן״, ווען איך לערען דעם זוהר הקדוש שפּאַר איך מיך אָפּ״. (רבי פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל).

---

## דער מושל איבער אַלע פעלקער.

השי״ת האָט באַשאַפען ארץ־ישראל פריער פון אַנדערע לענדער, איז דאָך ארץ־ישראל דאָס עלטסטע לאַנד. עס איז אָנגענומען אַז דער

עלטסטער איז אַ מושל איבער די איבעריגע, קומט ממילא אויס אַז ארץ־ישראל, ווי דאָס עלטסטע לאַנד, וועט האָבן אַ ממשלה איבער אַלע לענדער. („חסד לאברהם", פון ר׳בי אברהם פאַדאָלסקער זצ"ל).

## דער חלום וועגן דער שכינה וואָס וויינט.

ווען רבי יעקב שמשון שיפּיטוווקער זצ"ל איז געווען אין ארץ־ישראל האָט ער דערזעהן אין חלום די געשטאַלט פון דער שכינה אַלס וויינענדע פרוי, וואָס איז זיך מצער אויף איהר יוגענד־מאַן וואָס איז פריצייטיג געשטאָרבען. ווען ר׳בי יעקב שמשון האָט אויפגעוואַכט פון חלום, האָט ער געזאָגט: איך פיהל נישט נאָך עמיצען אין דער וועלט, וואָס זאָל קענען אַנגערופען ווער׳ען דער מאַן פון דער שכינה, נאָר דער קדוש רבי פּנחס׳ל קאָריצער. ער איז זיכער נפטר געוואָרען. עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזען אַז אין דער זעלבער צייט וואָס דער חלום איז פאָרגעקומען האָט רבי פּנחס׳ל אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה. (סיפורי חסידים).

## פאַרבינדען איינס מיט אַנדערען.

אמונה תפלה, ניסים וארץ־ישראל הם בחינה אחת וכולם תלויים זה בזה — אמונה, תפלה, ניסים און ארץ־ישראל זענען איין בחינה און איינס איז אָפּהענגיג פון׳ם אַנדערען. (רבי נחמן ברעסלאָווער זצ"ל).

## אַ וועג־מאַכער פאַר משיח.

דער געטרייער תלמיד פון רבי נחמן ברעסלאָווער, שרייבט פון דער גרויסער אהבת ארץ־ישראל פון זיין רבי׳ן און פאַרענדיגט מיט די ווערטער: „האחרון למישרי דרך לפני מלך המשיח" — ער איז געווען דער לעצטער פון די וואָס האָבען אויסגעבאַנט אַ וועג פאַרן מלך המשיח. (רבי נתן נעמיראָווער ז"ל).

## דעם בעש"ט׳ס חלום.

דער בעש"ט האָט דערציילט: „איינמאָל האָט זיך מיר געחלומ׳ט אַז איך זוך אַרום אום פרייטאָג־צונאַכטס דעם שוואָגער מיינעם רבי

גרשון קיטיווער אין ארץ־ישראל און איך האָב איהם דאָרט נישט געפונען. ווען עס איז געוואָרען שבת אינדערפרי האָב איך איהם יאָ געזעהן אין ארץ־ישראל. איז מיר די זאַך געווען אַ פלאַ. האָב איך דערנאָך דערוואוסט אַז רבי גרשון האָט דעם דאָזיגען שבת געוויילט אין עכו, איז דאָרט פאַראַן צוויי בתי־מדרשים, איינס שטייט אויף דער זייט וואָס געהער צו חוץ־לארץ און איינס געפינט זיך אין ארץ־ישראל און עס האָט זיך אַרויס געוויזען אַז אים פרייטאָג־צונאַכטס ווען איך האָב איהם ניט געזען אין ארץ־ישראל האָט ער זיך דעמאָלט גראָד געפונען אין דעם בית־המדרש פון חוץ־לארץ, און שבת אינדערפרי ווען איך האָב איהם יאָ געפונען אין ארץ־ישראל איז ער געווען אין בית־המדרש פון ארץ־ישראל״. (שבחי בעש״ט).

---

## קיין ארץ־ישראל דאַרף מען גיין אפילו צו־פוס.

דער איד וואָס וויל פאָרען קיין ארץ־ישראל און האָבען אויף׳ן וועג אַלע רייזע־באַקוועמליכקייטען, דאַן מיינט ער נישט ערנסט מיט זיין בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל. דער וואָס מיינט באמת און מיט׳ן **גאַנצען האַרץ צו זיין אין ארץ־ישראל, וועט אפילו גיין צו־פיס. (רבי** נחמן האָראָדענקער).

---

## די וואַנדונג פון רבי מענדעלע פרעמישלאַנער צו זיין ברודער.

רבי מענדעלע פּרעמישלאַנער זצ״ל, וועלכער איז נאָך שווערע ליידען און אָנשטרענגונגען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל האָט אין אַ בריוו פון דאָרט געשריבען צו זיין ברודער רבי צבי חסיד פאָלגענדע האַראַקטעריסטישע ווערטער: „ווי לאַנג וועסטו נאָך זיצען אין חוץ־לארץ און זיך צוהערען וואו מען רעדט שלעכטס אויף ארץ־ישראל״? (דגל מחנה אפרים).

---

## נאָך העכרע השגות ווי בזמן הבית.

ווי ווייט עס איז געווען די התעוררות און ליבשאַפט צו ארץ־ישראל צווישען די צדיקים אין תחילת פון דער אַנטשטייאונג פון חסידות, קאָן מען זעהן פון פאָלגענדע ווערטער וואָס עס האָט געשריבען רבי שניאור זלמן שניאורסאָן זצ״ל: ״יכולים להשיג עכשיו בארץ

השגות עליונות יותר אפילו ממה שהשיגו הצדיקים כמותם בזמן הבית״ — די צייט איז א צינד מוכשר אז מען זאל קענען משיג זיין אין הייליגען לאנד נאך העכערע השגות פון די וואס די זעלבע צדיקים האבען משיג געוועו אין זמן הבית. (תורה אור).

## קינדער און שקלאפען.

אז אידען געפינען זיך אין ארץ־ישראל זענען זיי אין דער בחינה פון קינדער, בני אל חי, און אויב זיי געפינען זיך אין גלות זענען זיי אין דער בחינה פון קנעכט, שקלאפען. (חסדלאברהם).

## ברכה און הצלחה.

עס איז פאראן אן אונטערשיד צווישען ברכה און הצלחה. אזוי באהויפטען די חסידישע ספרים. „ברכה״ קומט שלא בדרך הטבע, **אויף א נישט נאטירלעכען וועג, דאגעגען „הצלחה״ קומט על פי דרך** הטבע, אויף א נאטירליכען וועג. אין דער תורה איז פאראן א רמז, אז אין חוץ לארץ קען זיין בלויז הצלחה, אבער ניט קיין ברכה, ווייל ברכה קומט נאר פון ארץ ישראל פון ציון. אזוי שטייט טאקע אין פסוק **„יברכך ד׳ מציון״. (רבי דוד׳ל לעלעווער זצ״ל).**

## ארץ־ישראל און שבת.

פון מיין הייליגען זיידן, דער סטיטשינער רבי, הגאון הצדיק ר׳ יצחק׳ל הארוויץ זצ״ל האב איך געהערט פאלגענדען געדאנק: די סופי־תיבות פון די ווערטער זבת חלב ודבש זענען שבת. מען וועט אנדערש נישט זוכה זיין צום ארץ „זבת חלב ודבש״ סיידען מען וועט אפהיטען די הייליקייט פון שבת. (רבי ר׳ יצחק׳ל סטיטשינער זצ״ל).

## געדענקט אין ג׳.

„טובה הארץ מאד מאד״, ארץ־ישראל איז טאקע א גוט צוגעפאסט לאנד פאר אידען, געדענקט אבער, „אך בד׳ אל תמרדו״, ג׳ נישט צו דערצערען. (רבי ר׳ משה קאברינער זצ״ל).

## זאָלען זיי נאָר וועלען.

אַ מקורב פון רבי ר׳ שלמה לייב לענטשנער זצ״ל האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר איהם וועגען דעם טרויעריגען אידישען מצב, וואָס זיי דאַרפען שטענדיג זיין אין גלות וועהרענדיג אויסגעשטעלט אויף די שווערסטע אונטערדריקונגען און פאַרפאָלגונגען און אַז עס וואָלט שוין געווען די העכסטע צייט אידען זאָלען אויסגעלייזט ווערען פון דעם פינסטערען גלות און קומען קיין ארץ־ישראל. רבי שלמה לייב האָט אַ טיפען קרעכץ געגעבען און געזאָגט: — מה תצעק אלי? וואָס שרייסטו דאָס צו מיר? אַוודאי איז שוין די העכסטע צייט אַז משיח זאָל קומען, אידען זאָלען האָבען אַן אייגען לאַנד, אָבער „דבר אל בני ישראל״, רעד די דאָזיגע ווערטער צו אידען אַליין, זאָלען זיי נאָר וועלען אַראָפּוואַרפען פון זיך די גלות־קייטען און זיך באַזעצען אין ארץ־ישראל, וועסט שוין זעהן, אַז משיח וועט אי״ה קומען. (רבי ר׳ שלמה לייב לענטשנער זצ״ל).

---

## ממשיך זיין די ברכה קיין חוץ־לארץ.

דער וואָס איז מפרנס און שטיצט די וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל איז ער דערמיט ממשיך די ברכה פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ. (לקוטי מוהר״ן).

---

## פאַר וואָס מען רופט עס ארץ־ישראל?

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט רבי יצחק׳ל וואָרקער: פאַרוואָס רופט מען דאָס אידישע לאַנד מיט׳ן נאָמען ארץ־ישראל און נישט ארץ אברהם יצחק ויעקב?

דערויף האָט איהם דער וואָרקער געענפערט: יעדער מענטש וואָס פירט זיך ווי אַ ישראל האָט אַ חלק אין לאַנד. (רבי יצחק׳ל וואָרקער זצ״ל).

---

## דער צדיק האָט נישט מסכים געווען צו דער גזירה.

רבי מנחם מענדיל און רבי נחמן ברעסלאַווער זצ״ל זענען צוזאַמען געפאָרען אויף אַ שיף קיין ארץ־ישראל. אינמיטען דער רייזע איז אויסגעבראָכען אַ גרויסער שטורם און די שיף האָט געהאַלטען ביי אונטערגיין. האָט רבי נחמן גענומען אַ ספר תורה אין דער האַנד אַריין

און געזאָגט מיט גרויס התלהבות: אויב ס'איז חס־ושלום נגזר געוואָרען ביים בית־דין של מעלה אַז מיר זאָלען אומקומען פון דער וועלט, זאָגען מיר, דאָס הייליגע בית־דין של מטה בצירוף קודשא בריך הוא ושכינתיה, אַז מיר זענען נישט מסכים צו דער דאָזיגער גזירה אומ־צוקומען אויף אַזאַ אופן, „יהי רצון שתבטל הגזירה", און עס זאָל זיין דער ווילען פון בורא עולם, אַז די גזירה זאָל בטל ווערען. אַלע רייזענדע האָבען געזאָגט „אמן". דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט (חיי מוהר"ן).

## נישט געהייסען שרייבען קיין שבח אויף דער מצבה.

רבי חיים קראָסנער זצ"ל אַ תלמיד פון בעש"ט האָט געפּרופט פאָרען קיין א"י. איז אויסגעבראָכען אַ שטורם אויף דער שיף און ער האָט זיך געמוזט צוריקקעהרען; דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט און ר' חיים איז ניצול געוואָרען. ער האָט געהאַט גרויס שברון־הלב פון דער פּאַסירונג און אָנגעזאָגט זיינע נאָענטע, אַז מען זאָל אויף זיין מצבה נישט אויפשרייבען קיין שום שבח, ווייל ער האָט נישט זוכה געווען אַריינצוקומען אין הייליגען לאַנד. (סיפורי צדיקים).

## שטאַרקער ווילען ברענגט פאַרווירקליכונג.

„הארץ אשר אתה „שוכב" עליה", דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו יעקב'ן: דאָס לאַנד ארץ־ישראל אויף וועלכען דו האָסט זיך אַזוי „פאַרלייגט" און דו מאַכסט אַלע אָנשטרענגונגען עס צוקריגען „לך אתננה", וועל איך דיר עס געבען. אויב האָסט דיך אַזוי „פאַר־לייגט" דערויף, וועסטו עס באַקומען. (קאָזשעניצער מגיד זצ"ל).

## מיט געוואַלט.

„ולקחתי אתכם לי לעם" (וארא ו') (און איך וועל אייך נעמען פאַר אַ פאָלק). השי"ת האָט געזאָגט צו די אידען: איך וועל אייך נעמען פאַר אַ פאָלק מיט געוואַלד, צי איהר ווילט אָדער איהר ווילט ניט, „והייתי לכם לאלוקים" און איך וועל זיין אייער ג' און עס וועט שוין קומען דערצו, אַז „והבאתי אתכם אל הארץ" אַז איך זאָל אייך ברענגען קיין ארץ־ישראל. (רבי ר' ישראל'טשע, טשאָרטקאָווער רבי זצ"ל).

## דעם צדיק׳ס פרוי אַלס ווערשערין.

ווען רבי יעקב שמשון פון שיפּיטיווקע זצ״ל איז געקומען קיין עכו איז ער באַלד געפאָרען פון דאָרט קיין טבריה צו באַזוכען דעם צדיק רבי זאב זבאַרזשער אָפּצוגעבען אַ גרוס פון רבי ר׳ ברוכ׳ל מעזשיבעזשער זצ״ל. אָנקומענדיג קיין טבריה האָט ער געזעהן אַ גרופּע פרויען וואַשענדיג וועש און צווישען זיי איז געווען אויך די פרוי פון׳ם צדיק רבי זאב. דער שעפּיטיווקער האָט באַלד געהייסען דעם אייזעל־טרייבער זיך צוריקצוקעהרען קיין עכו, ווייל ער האָט נישט געקענט זעהן ״בצערן של צדיקים״. רבי זאב׳ס ווייב האָט דאָס באַמערקט איז זי איהם נאָכגעלאָפען און איהם געבעטען ער זאָל זיך צוריקקערען צו זיי אין הויז און באזוכען איהר מאַן. די פרוי האָט איהם ערקלערט אַז דאָס איז נישט איהר אייגענע וועש נאָר דאָס וואַשט זי יענעמ׳ס וועש און זי באַקומט דערפאַר באַצאָלט. זי טוט איהר ארבייט כדי צו האָבען פון וואָס זיך מפרנס צו זיין. הערענדיג די ווערטער, איז דער שיפּיטיווקער אַראָפּ פון׳ם אייזעל און אריין צום צדיק אין שטוב און געזאָגט: ״אָט דאָס איז דער כח פון ארץ־ישראל״, און מיט טרערען פון פרייד אין די אויגען האָט ער זיך באגעגענט מיט דעם צדיק ר׳ זאב זבאַרזשער זצ״ל. (סיפורי חסידים).

---

## אַ ווייטער מהלך.

החילוק בין תורת חוץ־לארץ לתורת ארץ־ישראל הוא כרחוק מזרח ממערב — דער חילוק פון די תורה וואָס מען לערענט אין א״י צו דער תורה וואָס ווערט געלערענט אין חוץ־לארץ איז אַזוי ווייט ווי עס איז מזרח פון מערב. (שיחות מהר״ן).

---

## צוגרייטונג אויף משיח׳ן.

די אַלע גוטע ערשיינונגען וואָס מען זעהט וועגען ארץ־ישראל און וואָס מען איז געוואוינט אָנצורופען אתחלתא דגאולה, דאָס אַלץ זענען גלויים אין פקידות אזעלכע וועלכע קומען פון צייט צו צייט כדי צו פּרובירען אויב ס׳איז פאַראַן כח מקבל צו זיין משיח׳ן. רש״י הקדוש דריקט עס בילדליך אויס אויפ׳ן פסוק ״כנשר יעיר קנו״: ״כנשר הזה שאינו נכנס לקנו פתאום עד שהוא מקשקש בכנפיו בין אילן לאילן ובין שוכה לשוכה כדי שיעוררו בניו ויהא בהם כח לקבלו״—

פונקט ווי דער אָדלער, וועלכער קומט נישט אַריין אין זיין נעסט ביז ער קלאַפּט און רוישט מיט זיינע פליגלען צווישען בוים און בוים און צווישען צווייג און צווייג כדי זיינע קינדער זאָלען ערוואַכען און זיי זאָלען האָבען כח איהם צו עמפּפאַנגען. (חסידישע ספרים).

## מען דאַרף אויפהערען דולדען דעם גלות.

„והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים והצלתי אתכם" — און איך וועל אייך אַרויסנעמען פון די מצרי'שע ליידען און אייך ראַטעווען. דאָס וואָרט „סבלות" האָט דער „חדושי הרי"ם" געטייטשט פון לשון „סבלנות", דולדען און דער זין דערפון איז: דער גרעסטער אומגליק פון גלות באַשטייט אין דעם וואָס אידען ווערען צוגעוואוינט צו אַ נידעריגען ניווא פון לעבענס־באַדינגונג און זיי פאַרלירען דאָס געפיל פון פרייהייט. עס ווערט ביי זיי אָפּגעטעמפּט דער דראַנג און שטרעבונג פאַר אַ בעסער און שענער לעבען. דער רבונו של עולם האָט דעריבער באַפוילען צו משה רבנו און געזאָגט: איידער מען נעמט אַרויס די אידען פון גלות, דאַרף מען צוערשט דעם גלות אַרויסנעמען פון זיי, פון זייערע הערצער פון זייער אונטערבאַוואוּסטזיין, אַז זיי זענען שטענדיגע שקלאַפען. מען דאַרף זיי אַריינגעבען אַזאַ געפיל וואָס זאָל זיי ממאס זיין דעם גלות, נישט קענען מער דולדען דעם גלות. ערשט דאַן וועלען זיי פאַרשטיין וואָס עס הייסט האָבען אַן אייגען לאַנד, אַן אייגען ארץ־ישראל, מיט אַלע פרייהייטען. (חדושי־הרי"ם).

## וועגען ארץ־ישראל דאַרף מען ניט זיין געפאַלען.

אויף דעם פסוק: „ומה הארץ אשר הוא יושב בה, הטובה היא אם רעה" האָט רבי מענדעלע קאָצקער זצ"ל געזאָגט פאָלגענדען געדאַנק: משה רבנו האָט געבעטען די מרגלים זיי זאָלען זאָגען וועגען ארץ־ישראל „הטובה היא", חאָטש אין זייערע אויגען וועט זיך דאַכטען אַז דאָס לאַנד איז „רעה". זיי זאָלען ברענגען אַ גרוס אַז „השמנה היא" (עס איז פעט) חאָטש אין זייערע אויגען וועט עס דאָס לאַנד זיך אויס־ווייזען אַז עס איז „רזה" (מאָגער). ווייל „והתחזקתם" אין באַצוג צו ארץ־ישראל, אפילו דאַן ווען מ'דאַכט אַז עס איז דאָרט שלעכט, דאַרף מען האָבען „חיזוק" און ניט זיין געפאַלען ביי זיך. (רבי מענדעלע קאָצקער זצ"ל).

## דעם בראַסלאָווער ליבע צום הייליגען לאַנד.

רבי נחמן בראַסלאָווער איז געווען אַ שטאַרקער חובב ציון. דאָס גאַנצע לעבען האָט ער געשטרעבט צופאָרען קיין ארץ־ישראל. ווען עס האָט שוין געהאַלטען נאָענט צו דער נסיעה, האָט די רביצין אונטערגעשיקט צו איהם די עלטסטע טאָכטער זי זאָל איהם אָפּרעדען נישט צו מאַכען אַזאַ ריזיקאַלישע רייזע ווי עס איז דעמאָלט געווען דאָס פאָרן קיין ארץ־ישראל. די טאָכטער איז אַריין צו איהם אין שטוב און אויסגעגאָסען פאַר איהם דאָס ביטערע האַרץ: טאַטע טייערער — האָט זי געזאָגט — „אויף וועמען לאָזטו אונז איבער? ווער וועט זיך אינטערעסירען מיט אונז?" דערויף האָט רבי נחמן געענפערט: דו, טאָכטער טייערע, וועסט פאָרן צום מחותן. איין שוועסטער קען ווערן אַ הויז־דינסטביי דעם אָדער יענעם באַלעבאָס, די אַנדערע שוועסטער קען סתם עמיצער אַריינגעמען צו זיך אויס רחמנות, די מאַמע זאָל זיך פאַרדינגען ערגעץ אַלס קעכין און אַלע מיינע חפצים און שטוב־זאַכען וועל איך פאַרקויפען צו האָבן אויף הוצאות קיין ארץ־ישראל. (רבי נחמן ברעסלאָווער זצ"ל).

---

## אַ דערנענטערונג צו דער אידישער גאולה.

ווען דער נאָמען פון דעם אידישען שר ר' משה מאָנטעפיאָרע איז געוואָרען מפורסם אין פוילען און אידען האָבען צווישען זיך גערעדט וועגען זיין גרויסער אהבה צום הייליגען לאַנד, האָט דער רבי בונם פשיסחער זצ"ל אין שמועס מיט זיינע מקורבים זיך געפרעגט, פאַרוואָס דער אידישער פירשט קויפט נישט אָפּ ארץ־ישראל פון די באַזיצער. דערויף האָט איהם איינער פון זיינע נאָענטע אַ פרעג געטאָן: וואָס וועט שוין זיין אַז מען וועט אָפּקויפען דעם ארץ־ישראל באָדען, אָבער די צייט פון דער אידישער גאולה איז דאָך נאָך נישט געקומען? דער רבי ר' בונם האָט איהם דערויף מיט כעס געענפערט: ווען עס זאָל אויסגעקויפט ווערען פון די נישט אידישע באַזיצער און געהערען צו אידען, דאָס אַליין וואָלט שוין געווען דער גרעסטער שריט פון אַ דערנענטערונג פון דער אידישער גאולה וואָס מיר דערוואַרטען. (רבי ר' בונם פשיסחער זצ"ל).

---

## יעדען טאָג פיהלט מען אַ פרישען טעם.

ווען רבי נחמן ברעסלאָווער איז געווען אין ארץ־ישראל, האָט ער געזאָגט, אַז עס איז איהם שוין קלאָר פאַרוואָס די תורה רעדט

תמיד וועגען ארץ־ישראל מיט אַ לשון הוה (געגענוואַרט) „נותן לכם״, דער זין דערפון איז, ווייל דער איד וואָס האָט דאָס גליק צו וואוינען אין הייליגען לאַנד, פיהלט ער יעדען טאָג, ווי דאָס לאַנד וואָלט איהם היינט געגעבען געוואָרען, יעדען טאָג פיהלט ער אַ נייעם, פרישען טעם. (רבי נחמן ברעסלאָווער זצ״ל).

---

## די נשמה האָט דאָרט אַן עליה.

דער בעש״ט זצ״ל האָט תמיד געשטרעבט צוקומען קיין ארץ־ישראל. אין אַ בריוו פון איהם שרייבט ער צווישען אַנדערען: מה אעשה ונפשי חשקה להיות נקבר בארץ־ישראל, כי שם יש לנשמה עליה גדולה — וואָס זאָל איך טאָן אַז איך האָב שטאַרק חשק נקבר צו ווערען אין ארץ־ישראל, ווייל דאָרט האָט די נשמה אַ גרויסע עליה. (מדרש ריבש״ט).

---

## אויף וועמען משיח וואַרט.

אַ פאַרצייטישער צדיק האָט דערציילט: ווען איך בין נאָך אַ קליין קינד געוועזען בין איך אמאָל געזעסען נעבען מיין זיידען און אַריינגעקוקט אין דעם גמרא סנהדרין. ווען איך האָב געהאַלטען אויף דעם דף וואו עס ווערט דערציילט אַז משיח זיצט אַ געבונדענער ביי די טויערען פון רוים און וואַרט, בין איך צוגעגאַנגען צום זיידען און איהם געפרעגט: אויף וועמען וואַרט משיח?״ דער זיידע האָט אויף מיר אַ מילדען בליק געגעבען און מיר געזאָגט: אויף דיר, מיין קינד, וואַרט משיח!

ווען איך בין עלטער געוואָרען — האָט דער צדיק פאַרענדיגט זיין דערציילונג — האָב איך פאַרשטאַנען דעם זין פונ׳ם זיידענס ענפער. עס איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז דער וואָס איז געטריי צו ג־ט, פאָלק און לאַנד אויף דעם האָפט משיח. (פאַרצייטישער צדיק).

---

## יעדער דור וועט האָבען אַ גרויסען מנהיג.

מיט דעם פסוק „קום לך למסע לפני העם״ — האָט געזאָגט רבי ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל — האָט השם יתברך געוואָלט מרמז זיין משה רבנו׳ן אַז אין יעדען דור וועט זיך געפונען אַ מנהיגי וואָס וועט

האָבען אין זיך עפּעס פון משה'ס גרויסקייט וועלכער וועט ממשיך זיין די אידישע פריערשאַפט און ברענגען די אידען צו דעם מאָמענט ווען עס וועט פאַרווירקליכט ווערען דער פסוק: „ויבואו וירשו את הארץ אשר נשבעתי לאבותם לתת להם". (רבי ר' אהרן קארלינער זצ"ל).

## אַ גאולה בדרך הטבע.

משה רבנו האָט אין תחילת זיך געווייגערט צו גיין פון מדין קיין מצרים‑אַרויסנעמען די אידען, ווייל ער האָט געוואָלט אַזאַ גאולה וואָס זאָל קומען בדרך הטבע, אַז ביי אידען אַליין זאָל נתעורר ווערען אַ דראַנג און שטרעבונג צו ווערען פטור ווערען פון דעם גלות מצרים און קומען קיין ארץ־ישראל. (אין נאָמען פון ריזינער זצ"ל).

## דער בעל־שם־טוב הייסט איהם פאָרען.

ווען רבי נחמן ברעסלאַווער האָט געוואָלט פאָרען קיין ארץ־ישראל איז ער צוזאַמען מיט זיין רבי רבי יוסף קאַמינקער זצ"ל געגאַנגען אויף'ן קבר פון זיין זיידען, דעם בעש"ט זצ"ל. צוריק־קומענדיג פון דאָרט האָט רבי נחמן זיך שטאַרק געפרייד און געזאָגט: ס'איז גוט, דער זיידע הייסט מיך פאָרען אין הייליגען לאַנד! (שבחי בעש"ט).

## ארץ ישראל איז דער רעזערוואואר פון לעבענדיקייט.

ארץ־ישראל נותנת חיות לכל מדינה ומדינה — ארץ־ישראל גיט אַריין חיות און באַלעבט יעדעס לאַנד. (תשואות־חן).

## פאַרוואָס הייסט עס ארץ־ישראל?

רבי יחזקאל'ע מוזמירער האָט אַמאָל געפרעגט איינעם פון די ארץ־ישראל'דיגע גדולי הרבנים פאַרוואָס רופט מען דאָס אידישע לאַנד מיט'ן נאָמען ארץ־ישראל און נישט „ארץ אברהם" אָדער „ארץ יצחק"? — דאָס איז דערפאַר — האָט דער רב געענטפערט — ווייל ווען מען זאָל עס רופען „ארץ אברהם" וואָלט אויך ישמעאל געהאַט אַ טענה צום לאַנד, ווייל ער איז דאָך אברהם'ס זון, וועלט מען עס

גערופען „ארץ־יצחק" וואָלט עשו זיך געטשעפּעט און געוואָלט האָבען אַ חלק אין לאַנד, דעריבער הייסט עס „ארץ ישראל" כדי דערמיט פעסטצושטעלען אַז עס באַלאַנגט נאָר צו די קינדער פון ישראל. און איך דענק — האָט דער קוזמירער אַ זאָג געטאָן — אַז עס טראָגט דעריבער דעם נאָמען „ארץ־ישראל" כדי צו ווייזען אַז דעם איינציגען חלק אין׳ם הייליגען לאַנד האָט נאָר דער וואָס פירט זיך ווי ישראל. (געהערט).

---

## דער סימן אַז ארץ־ישראל מאַכט קלוג.

ווען דער גערער רבי זצ״ל איז דאָס ערשטע מאָל צוריקגעקומען פון זיין רייזע אין ארץ־ישראל, האָט אַ באַוואוסטער גאון, איינער פון זיינע מקורבים איהם געפרעגט: די חז״ל זאָגען „אוירא דארץ ישראל מחכים" (די לופט פון ארץ־ישראל מאַכט קלוג) וואָלט איך זייער געוואָלט וויסען ווי דער רבי שפירט עפּעס וועגען חכמה? דער רבי האָט געשוויגען און גאָרנישט געענטפערט. דער מקורב האָט זיך גענומען די דרייסטקייט און איהם נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט די זעלבע פראַגע. דערויף האָט דער רבי קורץ אַ זאָג געטאָן: „סיג לחכמה שתיקה". (גערער רבי זצ״ל).

---

## קרן און רווח.

אום ראש־השנה, זאָגענדיג די תפלה „אבינו מלכנו", האָט דער „שפּאָלער זיידע" זיך אויגעטענה׳ט מיט׳ן רבונו של עולם און אַזוי געזאָגט:

טאַטע פאָטער! דו האָסט פאַרשפּרייט די אידען צווישען די פעלקער כדי דו זאָלסט דורך זיי האָבען רווח, אַז גרים זאָלען זיך אַנשליסען צו דער אידישער אומה, זאָג איך דיר, רבונו של עולם, וואָרט נישט אויף דעם רווח, נאָר „הרם קרן ישראל", דערהויב דעם קרן ישראל, נעם זיי אַרויס פון גלות און ברענג זיי קיין ארץ־ישראל, ווייל אויב דו וועסט די אידען לאָזען לאַנג שמאַכטען אין גלות וואַרטענדיג אויפ׳ן רווח, וועסטו אויך דעם קרן פאַרלירען. (שפּאָלער זיידע זצ״ל).

---

## דאָס געהער אויך צו דער תוכחה.

דער רבונו של עולם זאָגט: „והארץ אזכור" — און איך וועל געדענקען דאָס לאַנד — דאָס געהערט צו דער תוכחה. אידען וועלען אויפהערען צו טראַכטען און געדענקען וועגען ארץ־ישראל! עס וועט ניט זיין קיינער וואָס זאָל זאָרגען וועגען ארץ־ישראל, נאָר איך אַליין וועס על דאַרפען געדענקען. (רבי ר' יעקב שמשון שעפעטיווקער זצ"ל).

---

## דעם בראַסלאָווערס אָנזאָג.

רבי נחמן בראַצלאָווער האָט אָנגעזאָגט: אַלע תורות און התגלות'ן וואָס האָבען זיך אַנטפּלעקט צו איהם איידער ער איז געוועזען אין ארץ־ישראל, וויל ער נישט זיי זאָלען זיין פאַרשריבען אין זיינע ספרים, אָבער אַלץ וואָס ער האָט מחדש געוועזען נאָכדעם ווי ער האָט באַזוכט ארץ־ישראל וויל ער אַז עס זאָל פאַרשריבען ווערען אפילו די וואָכע־דיגע שמועסען זיינע.

---

## רבי נחמן ברעסלאָווערס תפלה.

„איך בעט דיך, באַשעפער, זאָל דיין ווילען מיט מיר גוטס טאָן און זעה מיט דיין רחמים און גנאָד און מתנת־חנם כ'זאָל זיין אין גיכען צוקומען קיין ארץ־ישראל, דאָס הייליגע לאַנד, דאָס לאַנד וואָס מיינע עלטערען האָבען באַארבעט, דאָס לאַנד צו וועלכען אַלע אמת'ע צדיקים האָבען געשטרעבט און געבענקט דאָרט צו זיין און זענען געקומען אַהין און דאָרט אַ סך מתקן געווען, געווירקט און געשאַפען, אַלץ צוליב די הייליקייט פון ארץ־ישראל וואָס איז דער הייליגער פונקט פון דער גאַנצער וועלט". (לקוטי תפלות).

---

## די גרויסע בענקשאַפט.

וועגען רבי אברהם „מלאך" זצ"ל דערציילען חסידים אַז אין מינוטען פון גרויסער בענקשאַפט און דבקות האָט ער זיך אַמאָל אַזוי אויסגעדריקט: מיין תשוקה צום הייליגען לאַנד איז אַזוי גרויס, אַז אָפטמאָל האָב איך מורא, אַז כ'בין עובר אויף „לא תחמוד". (געהערט).

---

## וואָס עס דאַרף זיין די אידישע טעמא.

„וכל שיח השדה". די רייד פון יעדען איד, דאַרף זיין וועגען ארץ־ישראל באַדען. וכל שיח — השדה. (חסידיש וואָרט).

---

## נאָך וואָס דער איד דאַרף בענקען.

דער איד דאַרף בעטען ביי השי"ת ער זאָל איהם אַריינגעבען אַ געפיל פון בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל, אַזוי אַרום וועט ער טאַקע זוכה זיין קומען אין הייליגען לאַנד. (רבי נחמן ברעסלאָווער, לקוטי עצות).

---

## אַ גאַנצער איד.

נאָר דער וואָס לעבט און וואוינט אין ארץ־ישראל, דער איז אַ גאַנצער פולשטענדיגער איד. (רבי ר' נחמן ברעסלאָווער זצ"ל).

---

## אַן ארץ־ישראל־ניגון.

רבי נחמן בראַצלאָווער האָט געזאָגט: עס שטייט אין פסוק: אז יעקב אבינו האָט געשיקט צו זיין זון יוסף קיין מצרים פירות „מזמרת הארץ", דאָס מיינט: ער האָט געשיקט צו זיין זון אַ ניגון, אַן ארץ־ישראל־ניגון אין מצרים אַריין. (לקוטי מוהר"ן).

---

## צוויי צייטען

דעם פסוק „עת לחננה כי בא מועד" האָט דער ריזינער זצ"ל אויסגעטייטשט אויפ'ן פאָלגענדען אופן: די אידישע גאולה האָט צוויי צייטען: דער אויסדרוק „חננה" באַדייטעט אַ בחנם'דיגע מתנה. דאָס הייסט אויב השי"ת וועט אויסלייזען די אידען פאַר דער באַשטימטער צייט און זיי ברענגען קיין ארץ־ישראל, וועט דאָס זיין א מתנת־חנם, „חננה". „כי בא מועד" אויב אָבער השי"ת וועט ברענגען די אידישע גאולה אין דער פאָראויסגעזאָגטער צייט, וועט דאָס נישט הייסען קיין אומזיסטע מתנה, נאָר ווייל די באַשטימטע צייט איז שוין ווירקליך געקומען „כי בא מועד". (רבי ישראל'טשע ריזינער זצ"ל).

---

## אָהן גלגול מחילות.

מיין זיידע הגאון הצדיק דער באַרנאָווער רבי, ר׳ אברהם שמחה׳לע האָראָוויץ זצ״ל האָט געטייטשט: די תפלה „ותוליכנו קוממיות הארצנו״, האָט דער כהן גדול געזאָגט אין בית־המקדש. פרעגט זיך: דער כוהן גדול איז דאָך געווען אין א״י? און צווייטענס וואָס איז די באַדייטונג פון דעם וואָרט „קוממיות״? נאָר ווי די חז״ל זאָגען אונז האָבען יעקב און יוסף געבעטען מען זאָל זייערע ביינער אריבערפירען קיין ארץ־ישראל כדי נאָך תחית־המתים זאָלען זיי ניט דאַרפען דורכמאַכען קיין גלגול מחילות. איז מען דעריבער מתפלל אַז יעדער איד זאָל קומען ב י י ם ל ע ב ע ן קיין ארץ־ישראל און עס זאָל זיין קוממיות, גלייך, אויס־געשטרעקט נישט דאַרפענדיג דורכצומאַכען קיין גלגול־מחילות. (רבי ר׳ אברהם שמחה באַרנאָווער זצ״ל).

---

## די שכינה אין גלות.

דער ריזינער האָט אַמאָל געהערט דעם משמש זיינעם, וועלכער איז געוועזען אַ פּראָסטער עם־הארץ און נישט פאַרשטאַנען קיין פירוש המלות האָט געזאָגט תהלים מיט גרויס התלהבות. ווען ער איז געקומען צום פּסוק: „איך נשיר את שיר ד׳ על אדמת נכר״? (ווי אַזוי קענען מיר זינגען גאָט׳ס געזאַנג אויף פרעמדע ערד?) האָט ער די ווערטער געזאָגט מיט אַ ספּעציעלער באַטאָנונג און זיי אַזוי געזעצט: איך נשיר את שיר? — ד׳ על אדמת נכר. ווען דער ריזינער האָט דאָס געהערט האָט ער געזאָגט: איצט האָב איך געהערט אַ פירוש אויף אַ פּסוק פון תהלים אין וועלכען עס ווערט געזאָגט אַז נישט נאָר מיר אַליין זענען אין גלות נאָר אויך גאָט איז אין גלות. „שכינתא בגלותא״.

---

## אַ ניצוץ פון משיח

„בכל דור ודור הקב״ה שולח ניצוץ משיח, שאם נזכה — יגאלנו״ (האר״י הקדוש). אין יעדען דור שיקט דער באַשעפער אַ ניצוץ פון משיח און אויב מיר וועלען זוכה זיין — וועט ער אונז אויסלייזען.

---

## מען דאַרף רופען צום באַשעפער.

יקרא אל השמים מעל ואל הארץ לדין עמו (תהלים נ׳, ד׳) — ער רופט צו די הימלען פון אויבען און צו דער ערד, כדי צו משפט׳ן

זיין פאָלק. אַז אידען ווילען האָבען ארץ־ישראל דאַרפען זיי זיך נישט פאַרלאָזען בלויז דערויף וואָס די פעלקער און שטאַאַטען וועלען עס אָנערקענען אַז עס קומט די אידען, נאָר זיי דאַרפען רופען און בעטען דעם וואָס זיצט אין הימעל, דעם באַשעפער. (חסידיש וואָרט).

---

## די פרייד פון אַ שטרעבונג.

אין דער תורה שטייט: ג־ט האָט געזאָגט צו אברהם׳ן גיי „אל הארץ אשר אראך״ (צו דעם לאַנד וואָס איך וועל דיר אָנווייזען). איז דאָך שווער: פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם באַלד נישט מגלה געוועזען אברהם׳ן דאָס געוואונטשטע לאַנד? נאָר איז דער תירוץ: דאָס איז דערפאַר כדי אברהם זאָל האָבען די אינערליכע חדווה און נאָגענדע בענקשאַפט און פרייד וואָס אַ מענטש האָט ווען ער דער־וואַרטעט די דערגרייכונג פון זיין ציל און שטרעבונג. (שפת אמת).

---

## פון וואָס לענדער ווערען געשפייזט.

כל הארצות נזונות מתמצית ארץ־ישראל — אַלע לענדער ווערען געשפייזט פון דעם עקסטראַט פון ארץ־ישראל. (של״ה הקדוש).

---

## זיין חיות.

דאָס גאַנצע חיות מיינס וואָס איך האָב אין מיר נעמט זיך פון די טעג וואָס כ׳בין געוועזען אין ארץ־ישראל. (רבי נחמן בראַצלאַווער).

---

## אַז מען קערט זיך אום צום פאָטערלאַנד.

יעקב אבינו האָט געזאָגט: „ושבתי בשלום אל בית אבי״ — קיין ארץ ישראל. „והיה ד׳ לי לאלוקים״, ערשט דעמאָלט וועל איך האָבען אַ ג־ט און באַגרייפען די געטליכקייט. מחמת די חז״ל זאָגען: „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוה״, דער וואָס וואוינט אין חוץ לארץ איז גלייך ווי ער וואָלט קיין ג־ט נישט געהאַט. (רבי ברוך׳ל קאָסאָווער זצ״ל).

---

## צום אייגענעם „איך".

לך לך — דער וואָס גייט קיין ארץ־ישראל, גייט ער צו זיך אַליין, צו זיין אייגענעם „איך". (חסידישע ספרים).

## אַ דעלעגאַט אין געניקליכען פּאַלאַץ.

איך בין אין הייליגען לאַנד ווי אַ דעלעגאַט וואָס איז געשיקט פון פאָרשטייער פון די פעלקער צום קעניגליכען פּאַלאַץ, פאַר ווען עס איז ניט פאַרבאָרגען קיין שום זאַך פאַר די אויסבעסערונג און תקון המדינה סיי אין גייסטיגע און סיי אין מאַטעריעלע ענינים. (אין אַ בריוו פון רבי מענדעלע וויטעבסקער זצ"ל).

## דער חילוק פון ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער.

פאַר דעם אויסערליכען בליק פון מענטש איז ניט צו מערקען קיין שום שנוי צווישען א"י און אנדערע לענדער, אָבער דער וואָס איז זוכה צו גלויבען אין איהר באַזונדערער הייליקייט, דער קען זעהן מיט די גייסטיגע אויגען דעם אונטערשייד.( רבי ר' נחמן ברעסלאַוער זצ"ל).

## אַ נאָענטער קרוב.

דער רבונו של עולם איז אונז מחויב אויסצולייזען פון גלות און אונז ברענגען קיין ארץ־ישראל, ווייל דער דין איז: אויב מען פאַרקויפט עמיצען, זענען די נאָענטסטע קרובים איהם מחויב אויס־צולייזען, און ווער איז נאָך אַזאַ נאָענטער קרוב צום אידישען פאָלק ווי דער באַשעפער? (אַ פאַרצייטישער צדיק).

## ווי אַזוי דער בעש"ט זצ"ל טענה'ט זיך אויס מיט'ן רבונו של עולם.

אין די חסידישע ספרים ווערט דערציילט, דער בעש"ט זצ"ל האָט זיך אַמאָל אויסגעטענה'ט מיטן רבש"ע און צווישען אַנדערען אַזוי געזאָגט: רבונו של עולם, האַר פון אַלע וועלטען! ווי לאַנג נאָך וועלען מיר שמאַכטען אין גלות און כסדר האַלטען אין איין שרייען „מתי תמלוך בציון"? מיר ווילען שוין זען, מיר ווילען שוין הערען דעם שופר של משיח און זיין צוזאַמען אין אונזער הייליג לאַנד. אין

דער תורה הקדושה שטייט: „כי תקנה עבד עברי, שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי", געוואלד געשריגען, וויפיל שמיטות זענען שוין אדורך, וויפיל יובלות זענען שוין פאראיבער און מיר געפינען זיך נאך אלץ אין גלות. (רבי ישראל בעל שם טוב זצ"ל).

## נסתר און נגלה.

פאטער און מוטער האבעןביידע גלייך ליב זייערע קינדער. די מאס פון זייערע אהבה איז די זעלבע. דער אונטערשייד איז נאר דערמיט וואס די מוטער ווייזט ארויס אפען איהר ליבע, דאגעגען דער פאטער באהאלט און קאנצענטרירט זיין ליבשאפט ביי זיך אין הארץ. אין גלות איז די אהבה פון השי"ת צו אידען אין דער בחינה פון „אב" פאטער, די ליבע איז בסתר, פארבארגען. און אין ארץ־ישראל איז די אהבה בנגלה אן אפענע, אזוי ווי ביי א מוטער. דעריבער ווען אידען געפינען זיך אין גלות, ווערט נישט ארויסגעזאגט דער שם המפורש, נאר א שם א—י, וואס איז באהאלטען. (תניא).

## די התגלות פון מלכות־ישראל.

אין די צייטען פון שפוט השופטים, איידער עס איז געווען א מלך ביי אידען איז געווען „איש כל הישר בעיניו יעשה" און ערשט דערנאך איז נתגלה געווארען דאס מלכות־ישראל. דער זעלבער מצב וועט אויך זיין פאר ביאת משיח צדקנו. (רבי ר' מענדעלע רימינוויער זצ"ל).

## דער מח פון א"י און דער מח פון אנדערע לענדער.

עס איז פאראן מח פון ארץ ישראל און עס איז פאראן מח פון חוץ־לארץ. יעדער איינער אויף וויפיל עס איז זיין חלק אין ארץ־ישראל, אויף אזויפיל איז ער מקבל השפעה פון ארץ־ישראל מח. (רבי ר' נחמן ברעסלאווער זצ"ל).

## דער כח פון ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל האט אין זיך אזא כח, אז פון „ארץ", איז זי אימשטאנד צו מאכען „ישראל". (בעש"ט זצ"ל).

# געדאַנקען און באַמערקונגען

## דער סוף פון דער דעקלאַראַציע פון מדינת ישראל.

די דעקלאַראַציע וואָס די מדינת ישראל האָט אַרויסגעגעבען לכבוד די אַנטשטייאונג פון אַן אייגענעם אידישען שטאַאַט, ענדיגט זיך מיט פאָלגענדע ווערטער: מיט בטחון אין דעם אַלמעכטיגען ג־ט שרייבען מיר אונטער די דאָזיגע דעקלאַראַציע אין דעם שטאַט תל־אביב, ערב שבת ה׳ אייר, ה׳תש״ח.

---

## דריי גלות׳ן

**דער אויסדרוק „פדות״ ווערט געבראַכט דריי מאָל: „ושמתי פדות בין עמי ובין עמך״ (פ׳ וארא) „פדות שלח לעמו״ (תהלים) און „והרבה עמו פדות״ (תהלים). די דאָזיגע דריי מאָל „פדות״ זענען מרמז צו זיין אויף דריי גלות׳ן פון וועלכען דאָס אידישע פאָלק דאַרף אויס־געלייזט צו ווערען. דער ערשטער גלות איז דער גלות צווישען די פעלקער. אויף דעם איז השי״ת מבטיח: „ושמתי פדות בין עמי ובין עמך״, דער אַנדערער גלות איז „גלות בתוך גלות״ וואָס איין איד פיהלט ביי אַנדערען, ביים אייגענעם ברודער, אויף דעם ווערט געזאָגט: „פדות שלח לעמו״. דער געפערליכסטער און פיהלבאַרסטער גלות אין דאָס זיין אין גלות ביי זיך זעלבסט, דאָס זיין משועבד און פאַר־שקלאָפט ביים אייגענעם „איך״. דערויף פאָדערט זיך שוין אַ שטאַרקע גרויסע אויסלייזונג. צו דעם דאַרף שוין זיין „והרבה עמו פדות״. (דער בעלזער רבי, ר׳ שלום זצ״ל).**

---

## אַ דריטעל פון געלד צו קויפען באָדען אין ארץ־ישראל.

ווען דער גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי זצ״ל איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל האָט ער זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צו די פאַרמעגליכע אידען, אַז זיי זאָלען קויפען באָדען אין הייליגען לאַנד און צווישען אַנדערען האָט ער דאָס מאָטיווירט דערמיט וואָס די חז״ל זאָגען: „לעולם ישליש אדם מעותיו, שליש בקרקע״ — אַ מענטש דאַרף אינוועסטירען זיין געלד אויף דריי דריטעל, איין דריטעל אויף צו קויפען באָדען. „קרקע״ מיינט ארץ־ישראל באָדען. (גערער רבי זצ״ל).

## בדרך הטבע.

די אידישע גאולה און דאָס צוריקקומען פון אידען קיין ארץ־ישראל, וועט זיין ווי דער אַלגעמיינער וועלט־גאַנג — „בדרך הטבע". (אור־חיים, פ׳ בלק).

---

## ארץ־ישראל אָהן רמזים.

רבי נחמן בראַסלאָווער האָט אַמאָל געדעדט מיט גרויס דבקות וועגען א״י און געזאָגט צו זיינע תלמידים אַז מען זאָל זעהען צו מאַכען די גרעסטע אָנשטרענגונגען און דורכברעכען די שטאַרקסטע אבני־נגף אבי צוקומען קיין א״י, און באַמערקענדיג ווי די תלמידים זוכען רמזים אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער זיך אויסגעדריקט: איך מיין ארץ־ישראל אָהן רמזים, נישט ארץ־ישראל של מעלה נאָר **ארץ־ישראל של מטה, איך האָב אין זינען דאָס איינפאַכע א״י מיט איהרע** הייזער, פעלדער און גערטענער. (שיחות הר״ן).

---

## מיר און די ענגלענדער.

מיר אידען זענען געוועזען אין ארץ־ישראל נאָך איידער די ענגלענדער זענען אַהינגעקומען, און אונזערע אייניקלעך וועלען דאָרט זיין נאָכדעם ווי די ענגלענדער וועלען פון דאָרט אַרויס. (הרב פישמאַן).

---

## די אגודה און מזרחי.

די אגודה און דער מזרחי זענען פאַראייניגט אין תרי״ג מצוות אָבער צעטיילט זענען זיי נאָר אין דעם אופן פון אויספירען פון איין מצווה: ישוב ארץ ישראל. דאַגעגען די ציוניסטען מיט מזרחי זענען פאַראייניגט נאָר אין איין מצווה: ישוב ארץ ישראל און זענען צעטיילט צווישען זיך אין אַלע איבעריגע תרי״ב מצוות, אויב אַזוי טאָ זאָלען טאַקע די אגודה מיט מזרחי זיין פאַראייניגט אַלס גאַנצעס. (הרב ראָזענבערג).

---

## די אַרבייט אַליין איז מכשיר דעם דור.

צו וואָס האָבען אידען געדאַרפט זיך מתעסק זיין מיט אויפבוי פון בית־המקדש, דער אויבערשטער האָט דאָך געקאָנט אַראָפּשיקען

א פאַרטיקען בית־המקדש? נאָר דער תירוץ איז: דער רבונו של עולם האָט געוואָלט, אַז אידען אַליין זאָלען אַרויסווייזען זייער אַנטייל אינ׳ם אויפבוי פון משכן מיט זייער געלד און אַרבייט, וואָרים די עצם אַרבייט איז מכשיר דעם דור צו דער מדרגה אריינצוקומען אין ג־ט׳ס הויז. (דובנער מגיד).

## קיין פאָלק האָט נישט אַזאַ שבועה.

אַזאַ שבועה ווי „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" — אויב איך וועל דיך פאַרגעסען ירושלים זאָל מיין רעכטע האַנד פאַרגעסען ווערען — האָט נישט קיין שום פאָלק אין דער וועלט וואָס איז אַוועק אין גלות. (בשם גדול אחד).

## די אידישע פאָן.

אויף אַן אסיפה פון חובבי־ציון איז באַטראַכט געוואָרען די פראַגע וואָס פאַרא קאָליר די אידישע פאָן זאָל האָבען. דאָ האָט זיך איינער פון די אָנטיילנעמער געגעבען אַ שטעל אויף און געזאָגט: לאָמיר אַרויסנעמען דעם טלית פון אונזער זעקעל און עס אויסשפּרייטען פאַר די אויגען פון די אידען און פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט. זייט דאַן איז באַשטימט געוואָרען, אַז די אידישען פאָן זאָל זיין בלוי־ווייס, אַזוי ווי עס איז די קאָליר פון אידישען טלית.

## אַ פאַרבאַדינג צו ביאת־המשיח.

ישוב ארץ־ישראל יהי׳ קודם ביאת־המשיח, — דער ישוב ארץ־ישראל וועט זיין אַן איינלייטונג צו ביאת־המשיח. (מלבי״ם).

## דער גרעסטער אידישער שונא.

דער גרעסטער אידישער שונא, איז דער וואָס איז אַ שונא ציון. (בשם גדול אחד).

## ווען יעדער דאַרף קעמפען.

די חז״ל זאָגען: „במלחמת מצווה הכל יוצאין, אפילו חתן מחדרו וכלה מחופתה״, ווען עס האַנדעלט זיך ביי אַ מלחמת מצווה, ווען אידען אין ארץ־ישראל ווערען בעפאַלען, דאַרף יעדער אַרויסגיין קעמפען אפילו אַ חתן פון זיין צימער און אַ כלה פון אונטער די חופה. (סוטה מ״ד ע״ב).

---

## מיט׳ן גאַנצען האַרץ.

ירושלים וועט אויפגעבויט ווערען ווען אידען וועלען וועלען עס מיט׳ן גאַנצען האַרץ. (כוזרי).

---

## דאָס פאָרוואָרט פון די קאָנסטיטוציע פון דער אידישער מלוכה.

די הקדמה צום טעקסט פון דער קאָנסטיטוציע פון דער אידישער מלוכה לייענט זיך ווי פאָלגט:

„מיר, דאָס פאָלק פון ישראל, דאַנקען מיט עניוות דעם אַל־מעכטיגען ג־ט פאַר׳ן האָבען אונז אויסגעלייזט פונ׳ם גלות־יאָך און ברענגען אונז צוריק צום לאַנד פון אונזערע אבות; דערמאָנענדיג די אומגעהויערע ליידען און אויסדויער פון דורות אין גלות און זייערע העראָאישע קרבנות פאַר׳ן קיום פון אונזער פאָלק און דער אויפהיטונג פון דער גייסטיגער ירושה; דערמאָנענדיג מיט דאַנק דאָס טרייע הייפעל, וואָס האָט איינגעהאַלטען דעם המשך פון דעם אידישען ישוב אין ארץ־ישראל אין לויף פון דורות, ווי אויך די באַגייסטערענדע אָנשטרענגונגען פון די חלוצים פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג; באַשליסען מיר אויפצובויען אונזער קאָמאָנוועלט אין הסכם מיט די אידיאַלען פון יושר און צדק פון די נביאי ישראל, אויפנעמען יעדען איד וואָס וויל נאָר קומען און צו זאָרגען וועגען דער זיכערקייט און גאַנצקייט פון די אַלע וואָס וואוינען אויף אונזער טעריטאָריע האָבען מיר אָנגענומען די פאָלגענדע קאָנסטיטוציע...

---

## די התחלה איז שווער.

„כל התחלות קשות״ — אַלע התחלות זענען שווער און בפרט נאָך די התחלה פון גאולת ארץ־ישראל. (בשם גדול אחד).

## אוי, וואָלטען זיי זיך געפרייט.

**אין דעם טאָג ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פון די** פּאַראייניגטע פעלקער, אַז אידען זאָלען האָבען אַן אייגענעם שטאַאַט, איז אין אַ ווינקעל פון אַ בית־המדרש געשטאַנען אַ אידישער זקן און געגאָסען מיט ביטערע טרערען. איינער פון די מתפללים איז צוגעגאַנגען צו איהם און געפרעגט: זיידעשי, וואָס כליפּעט איהר אַזוי, און פאַרוואָס די טרערען? איהר דאַרפט זיך דאָך פרייען, דאָס איז דאָך אַ בעוויז אַז ס'איז משיח'ס צייטען. דער אַלטישקער האָט זיך אָפּגעווישט די טרערען און שעפּשענדיג געזאָגט: איך וויין נישט, טייערער, אויף דער עצם זאַך, אַדרבה, דאָס איז די גרעסטע פרייד וואָס איך האָב געהאַט אין מיין לעבען. עס נעמט מיך נאָר אַרום אַ ווייטאָג וואָס אונזערע עלטערען און אור־עלטערען האָבען נישט דער־לעבט צו זעהן מיט די אויגען דעם דאָזיגען גרויסען מאָמענט; זיי, די עלטערען, האָבען דאָך אַזוי געבענקט נאָך דעם. אוי, וואָלטען זיי זיך אַ צינד געפרייט.

---

## ער האָט געציילט די הייזער.

רבי זינדעל סאַלאַנטער זצ"ל איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקער אהבה צו ארץ־ישראל. זיין גרעסטער חלום איז געוועזען צו זעהן מיט די אייגענע אויגען, אַז די גאַסען פון ירושלים זאָלען זיין אויסגעפילט מיט הייזער. ווען ער האָט באַגעגענט האָט ער איהם אַגיטירט צו בויען אַ הויז אין דער הייליגער שטאָט. ער פלעגט זיך נוהג זיין אַרומצוגיין איבער די ירושלים'ער גאַסען און ציילען יעדעס נייע צוגעקומענע הויז און דערביי שעפען דעם גרעסטען נחת. ווען אפילו דאָס איז אַ גוי'איש הויז האָט ער אויך געהאַט דערפון גרויס תענוג. ווען איינער פון זיינע מקורבים האָט איהם געפרעגט: **רבי, וואָס איז די שמחה מיט אייך אַז עס קומט צו אַ נישט אידיש** הויז? דערויף האָט רבי זינדעל מיט אַ שטראַלענדיג פּנים געענפערט: וואָס איז די נפקא מינה, אַזוי צו אַזוי, אָבער דערווייל ווערט דאָך ארץ־ישראל געבויט. (רבי זינדעל סאַלאַנטער).

---

## אַ גימטריא.

אין דעם טאָג פון יאָר 1948 ווען די פּאַראייניגטע פעלקער האָבען אָנערקענט אַן אייגענעם אידישען שטאַאַט, האָט אַ רב געזאָגט

א גימטריא, לויט וועלכער עס קומט אויס אַז דאָס יאָר 1948 באַטרעפט לויט דער צאָל געצוי אַזויפיל ווי די ווערטער: „תקום מדינה עברית עצמאית״, דאָס הייסט: עס וועט אויפשטיין אַן אייגענע, זעלבסשטענדיגע אידישע מדינה. (אַ רב).

---

## די אייגענשאַפט פון ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל האָט אין זיך די זאָנדערבאַרע אייגעשאַפט, אַז דער וואָס איז ניט ווערט צוזיצען אין הייליגען לאַנד איז דאָס לאַנד וויל איהם ניט האַלטען ביי זיך, גיט די השגחה אַריין אין זיין הארץ אַ געפיל פון שנאה און עקעל צום לאַנד און אַזוי אַרום פאַרלאָזט ער די הייליגע ערד אויף וועלכער ער איז ניט ווערט צו טרעטען. (רבי צבי הירש קאַלישער ז״ל).

---

## ווען די אַראַבער זענען געוועזען פריינדליך צו אידען.

אינם יאָר 1488 שרייבט דער באַוואוסטער מפרש אויף משניות, רבי עובדיא מברטנורא צווישען אַנדערען: „אמנם מן הישמעאלים אין לנו גלות כלל במקום הזה. הלכתי בכל הארץ לארכה ולרחבה ואין **פוצה פה ומצפצף״ — פון די אַראַבער האָבען מיר דאָ איבערהויפּט** נישט דאָס מין גלות. איך האָב דורכגערייזט דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט און קיינער האָט נישט געעפּענט דאָס מויל צום שלעכטען. (רבי עובדיא מברטנורא).

---

## טראָץ אַלע שטערונגען ווערט די אַרבייט פאָרטגעזעצט.

גזלנים לויערען, הינט האַווקען, און דער קאַראַוואַן מאַכט ווייטער זיין וועג און דער וויסטע. (ארץ־ישראל׳דיג שפּריכוואָרט).

---

## דירת־עראי און דירת־קבע.

מען זאָל נישט מאַכען דעם גלות פאַר אַ דירת קבע, נאָר עס זאָל באַטראַכט ווערען אַלס ציטווייליגע וואוינונג. מיין הארץ האָט שטענדיג געברענט אין מיר צוזעהענדיג ווי אידען אין גלות בויען לוקסוס־הייזער און פּאַלאַצען אויף דעם שטייגער ווי עס טאָן די אַריסטאָקראַטען פון די לענדער צווישען וועלכע זיי וואוינען און

זיי מאַכען זייער דירת־קבע אויף דער וועלט אין טמא־לענדער. (של״ה הקדוש מ״ט).

---

## צווייערליי וועגען.

וועגען דעם בנין הארץ ווערט נאָכדערציילט אינ׳ם נאָמען פונ׳ם הרב הראשי פאָלגענד האַראַקטעריסטיש וואָרט: דער אויפבוי פון ארץ־ישראל ווערט געמאַכט דורך צווייערליי אופנים: דורך קאָלאָניזאַציע און ממשות׳דיגע אַרבייט און דורך ניסים; און דער צווייטער וועג איז דער ווירקליכער. (הרב יצחק הערצאָג).

---

## דערויף איז נאָך צייט צו זאָרגען.

רבי מרדכי בויסקער זצ״ל האָט שטענדיג הנאה געהאַט צו לויבען דאָס הייליגע לאַנד און צו שילדערען אין שיינע פאַרבען וואָס פאַראַ פראַכטפולע צייט עס דערוואַרטעט די אידען אין דער צוקונפט ווען זיי וועלען זיצען אויפ׳ן אייגענעם באָדען, יעדער „תחת גפנו ותחת תאנתו״ — אונטער זיין וויינגאָרטען און אונטער זיין פייגענבוים. בשעת׳ן שמועס, האָט איינער פון זיינע מקורבים איהם אַ פרעג געטאָן: רבי, און וואָס וועט זיין מכח קרבנות? וועט טאַקע קומען צו דעם, אַז מען זאָל מקריב זיין אויפ׳ן מזבח קרבנות פון שעפסען און טויבען אַזוי ווי אין די פריריגע צייטען? — וויי, וויי צו אונז — האָט ר׳ מרדכי געקרעכצט — ווען איהר וואָלט געוואוסט וויפיל דאגות און וויפיל אבני נגף עס זענען נאָך פאַראַן ביז עס וועט קומען צו דער דאָזיגער אויסגעבענקטער צייט, וואָלט איהר פאַרשטאַנען אַז די דאָזיגע דאגה האָט נאָך אַ ביסעל צייט און עס איז פריצייטיג צו זאָרגען דערויף. (רבי מרדכי בויסקער ז״ל).

---

## גוף און נשמה.

דער „חפץ־חיים״ ז״ל האָט אַמאָל אין אַ שמועס ערקלערט זיין שטעלונג וועגען ארץ־ישראל אויף פאָלגענדען אופן: דער מענטש באַשטייט פון אַ גוף און אַ נשמה. די נשמה אַליין קען אויף דער וועלט נישט עקזיסטירען, זי מוז האָבען פאַר אַ נעסט דעם גוף. דער גוף אַליין איז אַ געוועגדליך שטיקעל ערד. מיט ארץ־ישראל איז אויך אַזוי: די נשמה פון כלל־ישראל איז די הייליגע תורה, דער גוף פון

דער תורה הקדושה איז — ארץ־ישראל. אָהן גוף, אהן א״י איז זעהר שווער, ווייל אָהן דעם קען מען נישט מקיים זיין די אַלע מצוות התלויות בארץ. צו דעם צו איז דער גלות פאַר אידען אונדערטרעגליך, די שונאים נעמען צו די פרנסות ביי זיי, פערביטערען זיי דאָס לעבען. אין גלות זענען אידען צובראָכען בגשמיות וברוחניות. אין גלות איז ממש נישט אויסצוהאַלטען. מיר לעבען אָבער פאָרט, אָבער וויסען זאָלט איהר, ארץ אָהן תורה איז ניט מער ווי אַ פשוט שטיקעל ערד. אַ גוף אָהן אַ נשמה. (חפץ־חיים).

---

## פאַר ארץ־ישראל דאַרף מען זיין פאַרבערייט צו קעמפען.

אויף דעם פסוק: „וראיתם את הארץ מה היא״ — און איהר זאָלט אָנקוקען דאָס לאַנד וואָס דאָס איז — ווערט געבראַכט אין רשב״ם פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „כי לפי מה שתראו את הארץ, תכינו לי כלי מלחמה לסתת את היערים ולהכין הליכת חיילו־תיכם, כי בטוחים היו שד׳ יתן להם את ארץ כנען, אך לא בלא טורח כי אם בענין ערכי המלחמה״.

לויט ווי איהר וועט זעהן די אומשטענדען פון לאַנד זאָלט איהר אָנגרייטען קריגס־מכשירים אויסצורייניגען (ענטשטיינען) די וועלדער און פארברייטען דעם גאַנג פון די אַרמעען. זיי זענען געווען זיכער אַז ג־ט וועט זיי געבען ארץ־ישראל, אָבער נישט אָהן מיה, נאָר דורכ׳ן וועג פון מלחמה־סטראַטעגיע. (רשב״ם פ׳ שלח).

---

## דריי הייליגקייטען.

אין אַן הקדמה צו אַ ספר פאַרענדיגט הרב קוק ז״ל מיט פאָלגענדע אינטערעסאַנטע אונטערשריפט: „אנוכי עבד לעם קדוש, על אדמת הקודש ועובד עבודת הקודש״ — איך בין אַ קנעכט צום הייליגען פאָלק אויף דער הייליגער ערד און וואָס טוט הייליגע אַרבייט. (פון א ספר).

---

## ירושלים נויטיגט זיך אין וואָס מער שלום.

ווי באַוואוסט, איז ירושלים פון תמיד אָן דער מיטעלפונקט פון אַלערליי מחלוקת׳ן און רייסעגישען צווישען פאַרשידענע ריכטונגען איבערהאַלב ביי אידען און אויך צווישען אידען און די אומות העולם

ווענען פאַרשידענע מקומות אין דער הייליגער שטאָדט. ווערט דערציילט אַז איינער האָט אַמאָל געפרעגט הרב זאָנענפעלד זצ״ל: אַז מען זאָגט ביים דאַוונען „הפורש סוכת שלום עלינו ועל כל עמו ישראל ועל ירושלים״, איז דאָך דאָס געמיינט אז השי״ת וועט פאַרשפרייטען שלום אויף גאַנצען אידישען פאָלק, טאָ וואָס ווערט עפּעס געבעטען וועגען אַ שלום ספּעציעל אויף ירושלים? נאָר — האָט דער אַלטער גאון געענטפערט — מען דאַרף באַזונדערס בעטען וועגען שלום אין ירושלים, ווייל דאָרט איז שווערער צו דערגרייכען דעם שלום מער ווי אומעטום. (הרב יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל).

---

## די הייליגסטע פּלעצער אין ארץ־ישראל.

עס איז אָנגענומען: די הייליגסטע ערטער אין ארץ ישראל זענען: דעם מקום המקדש, דאָס אָרט וואו דער „בית המקדש, דער „הר־הבית״ איז געשטאַנען; דער „כותל המערבי״, די מערב־וואַנט פון דער מויער וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם בית־המקדש; די „מערת־המכפלה״ די „געדאָפּעלטע הייל״ וואו עס ליגען די אבות און די אמהות, דער קבר פון דער מוטער רחל וואָס געפינט זיך נאָענט צו בית־לחם אויפ׳ן וועג קיין ירושלים; דער קבר פון רבי שמעון בן־יוחאי אין מירון, וואו איב׳ם טאָג פון זיין „יום הלולא״ ל״ג בעומר קומען אהין טויזענדער באַזוכער, דער קבר פון רבי שמעון הצדיק ניט ווייט פון ירושלים, דער קבר פון רבי מאיר בעל־נס און נאָך, נאָך קברים פון תנאים, אמוראים, גאונים און צדיקים וואָס זענען פאַרהייליגט געוואָרען ביי אידען זייט אַלטע צייטען ביז צום היינטיגען טאָג.

---

## דער דעוויז פון די „בילויים״.

די „בילויים״ („בילו״ איז די ראשי־תיבות פון „בית יעקב לכו ונלכה״ — הויז פון יעקב, גייט און לאָמיר גיין). די גרופּע פון די אידיאַליסטישע חובבי ציון וועלכע זענען געקומען אין יאָר 1882 קיין ארץ־ישראל און דאָרט געהאַט אויסצושטיין קאָלטס און וואַרעמס, האָבען אַלס זייער לאָזונג געמאַכט פאָלגענדע ווערטער: „על הארץ, מתחת לארץ, ולא מן הארץ״ — אויפ׳ן לאַנד, אונטערן לאַנד, אָבער נישט פון לאַנד.

---

## נישט געפיהלט קיין טעם פון גלות.

די מיטגלידער פון שבט לוי האָבען נישט באַקומען קיין חלק אין ארץ־ישראל פונקט ווי אַלע איבעריגע שבטים, ווייל זענענדיג אין מצרים האָבען זיי נישט געפיהלט די לאַסט פון שעבוד און דער וואָס האָט נישט געפיהלט וואָס עס הייסט גלות — דער האָט זיך נישט פאַרדינט צו האָבען אַ חלק אין ארץ ישראל. (בשם גדול אחד).

## כוונה און מעשים.

ישוב ארץ־ישראל איז אַזאַ מצוה פונקט ווי אַלע אַנדערע מצוות, ביי וועלכע כוונה און גוטער ווילען אַליין געניגט נישט. צום ביישפיל: תפילין לייגען איז מען נישט יוצא מיט כוונה אַליין מעג מען אפילו האָבען כוונת האר״י. אַזוי אויך מיט ארץ־ישראל. בלויז חיבת הארץ און גוטע כוונה טויג נישט. מען מוז אויך מעשים אַרויסווייזען און **טאַקע עולה זיין קיין ארץ־ישראל. (מאַדזיצער רבי זצ״ל).**

## קיין ארץ־ישראל דאַרף מען קומען מיט אחדות.

דער רבונו־של־עולם האָט דעריבער געהייסען די אידען אַז זיי זאָלען צוערשט איינטיילען צווישען זיך דעם באָדען, נאָך איידער זיי קומען קיין ארץ־ישראל, ווייל ביי אַ פערטיילונג קומען, געוועענדליך, פאַר פאַרשידענע חלוקי־דעות און צאַנקערייען; האָט דעריבער דער רבש״ע באַפוילען אַז זיי זאָלען אַלע סכסוכים ערליידיגען אין חוץ־לארץ און קומענדיג קיין ארץ־ישראל זאָל שוין ביי זיי הערשען אַ **גייסט פון אחדות און האַרמאָניע. (רבי שמעון שיפּעטאָווקער זצ״ל).**

## דורך דער מיטהילף פון די פעלקער.

לעתיד לבוא וועט השי״ת ברענגען די גאולה דורך די מיטהילף פון די אומות העולם און אידען וועלען זיך אומקערען צו זייער לאַנד. (אברבנאל, ישועות־משיחו).

## אַז מען פאַרגעסט אַז מען איז אין גלות.

אין דער וואונדערבאַרער הקדמה פון רבי יעקב עמדין איז פאַראַן פאָלגענדע אינטערעסאַנטע שטעלע, וואָס ווייזט זיין ווייט

זעהערישען בליק און זיין גרויסע ליבשאַפט צום הייליגען לאַנד: יעדער איד דאַרף אָננעמען אַ באַשלוס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און זיך דאָרט באַזעצען. איילט אייך וואָס שנעלער, מיינע ברידער און פריינד, און פאַרט וואָס גיכער קיין ארץ־ישראל און דענקט נישט צו פאַרבלייבען און אַנדערע לענדער, ווייל דאָרט קען נאָך חס־ושלום מקוים ווערען: „ואכלה אתכם". אין דעם איז דאָך באַשטאַנען די זינד פון אונזערע אבות, אַ זינד וואָס איז געוואָרען אַ בכיה לדורות, ווייל „מאסו בארץ חמדה", זיי האָבען גרינגעשעצט דאָס גלוסטיגע לאַנד, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען דער שווערער ביטערער גלות וואָס האָט אונז קיין מנוחה נישט געגעבען. נשכחנו כמת מן הלב, מיר זענען ווי אַ מת פאַרגעסען געוואָרען פון הארץ, דערפאַר ווייל מיר האָבען פאַרגעסען אָן ארץ־ישראל. מיר האָבען זיך איינגערעדט אַז זיצענדיג אין פאַרשידענע לענדער, וועט דאָס פאַרטרעטען ירושלים. דערפאַר זענען אויף אונז געקומען די אַלע צרות פון שפּאַניען וכדומה. זיי האָבען איינגאַנצען פאַרגעסען אַז זיי זענען אין גלות, דערפאַר דער שווערער עונש און גערעכט איז גאָט. (הקדמה, רבי יעקב עמדין זצ"ל).

---

## דער באַשייד פון אבן־עזרא'ס חלום.

דעם אבן־עזרא האָט זיך אַמאָל געחלומ'ט, אַז זיין נשמה איז ארויף אין הימעל און געפרעגט דעם רצונו של עולם: ווען וועט שוין סוף־כל־סוף משיח קומען, און ווען וועט שוין ענדליך זיין דער קבוצגליות ווען אַלע אידען וועלען זיין אין אייגענעם לאַנד? דערויף האָט מען איהם אין הימעל געענטפערט נאָר די דריי קורצע ווערטער: „מישאל אלצפן וסתרי!" דער אבן־עזרא האָט נישט געקענט פאַרשטיין דעם צוזאַמענהאַנג פון די ווערטער מיט זיין פראַגע און קיינער האָט איהם נישט געקענט פותר חלום זיין ווי קומען די נעמען פון יצהר'ס דריי זין צו זיין פראַגע וועגען משיח'ן?

נאָך אַ שטאַרקען אַריינטראַכטען, איז פאַר דעם אבן־עזרא קלאָר געוואָרען אַז אין די נעמען פון די דריי זין פון יצהר ליגט באַהאַלטען אַ טיפער ענטפער אויף זיין פראַגע. און דער זין דערפון איז: „מי־שאל"? ווער האָט די דרייסטקייט צו פרעגען אַזאַ פראַגע „לאל־צפן" — ג־ט האָט עס פאַרהוילען, „וסתרי"! און עס איז זיין ווילען עס זאָל בלייבען אַ געהיימניס. (אבן־עזרא).

---

## גאַנץ ארץ־ישראל.

דער באַרימטער גאון פון א״י הרב י. מ. חרל״פ ר׳עדענדיג וועגן „חלוקה״ שרייבט צווישען אַנדערען: משה רבנו ע״ה האָט זיך געבעטען ביים רבש״ע אַריינצוקומען און דורכצוגיין דורכ׳ן לאַנד. ער האָט דערביי באַטאָנט, אַז ער וויל זעהן דעם טאָל, דעם „ההר הטוב הזה והלבנון״. ווען זיין תפלה איז נישט אָנגענומען געוואָרען, איז ער נישט אַריין אפילו אין אַ טייל פון לאַנד. דאָס זעלבע טאָר קיינער נישט מסכים זיין אויף בלויז אַ טייל פון ארץ־ישראל. סיי ווען ער איז דאָרט געבוירען און סיי נישט. פונקט ווי ביי משה רבנו וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין מצרים און עס איז געווען דער פאַל נאָר ביי אַ יחיד און דאָך איז ער באַשטראָפט געוואָרען דערפאַר וואָס ער האָט געשוויגען הערענדיג ווי מען זאָגט אויף איהם „איש מצרי״, על אחת כמה וכמה ווען אַ גאַנץ פאָלק וועט פאַרלייקענען אַ טייל פון זיין לאַנד. טאָמער, חס־ושלום, דאַרף עס קומען צו אַזאַ צושטאַנד. אַז מיר וועלען זיך דאַרפען צייכנען אויף אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלען אָפּמאַך איז שוין גלייכער אַז די וואָס דאַרפען דאָס טאָן, זאָלען זיך ליבערשט אָפּהאַקען די פינגער פון די הענד, איידער זיי זאָלען אָפּהאַקען די צווייגען פון אונזער פרוכטבאַרען גאָרטען, דעם גאָרטען פון ציון. עס איז פונקט ווי איינער זאָל וואַגען צו זאָגען אַז די גאַנצע תורה איז געגעבען געוואָרען פון הימעל, אחוץ איין אות. אַזאַ איינער וועט דאָך באַטראַכט ווערען פאַר אַ כופר בעיקר. דאָס זעלבע איז ווען איינער באַהויפּטעט אַז ארץ־ישראל געהערט צו אידען אויסער איין שפּאַן ערד, דאָס וועט הייסען אַז מ׳נעמט אַוועק און מען פאַר־לייקענט די פולשטענדיגע קדושה פון גאַנצען לאַנד. (הרב י. מ. חרל״פ).

---

## געשטאָרבען דער קעניג, עס זאָל לעבען דער קעניג.

אין דעם טאָג ווען דער פעלקער־פאַרבאַנד האָט אָנערקענט פאַר אידען אַן אייגענעם שטאַאַט האָבען מיר געדאַרפט מאַכען צוויי ברכות: וואָרים, עס ווערט געבראַכט דער דין אין דער משנה, אַז אויב אַ זון הערט אַ בשורה אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבען, דאַרף ער מאַכען צוויי ברכות: „ברוך דיין האמת״ און שהחיינו. די ערשטע ברכה אויף די שלעכטע בשורה, און די אַנדערע ברכה, ווייל ער איז געוואָרען אַ יורש. אויך מיר דאַרפען מאַכען אַ דאָפּעלטע ברכה: „ברוך דיין אמת״ אויף די זעקס מיליאָן קרבנות, און „שהחיינו״ פאַרן באַקומען אַן אייגענע מלוכה. „מת המלך, יחי המלך״. (געהערט פון הרב זאב גאָלד).

## דער שליח צו די עשרת השבטים.

ווען די גרופּע פון דעם ווילנער גאון'ס תלמידים האָבען זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, איז ביי זיי אָנגענומען געוואָרען, אַז משיח וועט פריער נישט קומען, סיידען די אידען וואָס זענען פאַשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט וועלען זיין איינער מיט'ן אַנדערען פאַר־בונדען. זיי האָבען דעריבער באַשלאָסען צו שיקען אַ שליח מיוחד, וואָס זאָל אויסגעפינען די „בני משה", וועלכע שטאַמען, לויט די לעגענדע, פון די עשרת־השבטים, וועלכע לעבען אויף דער אַנדערער זייט סמבטיון. די תלמידים האָבען איבערגעגעבען אַן אויספירליכען בריוו צום „אידישען מלך", דער קעניג פון די צעהן שבטים. אין דעם בריוו האָבען זיי איבערגעגעבען אין קורצען די פּאַסירונגען און גלגולים וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט זינט דער צייט פון חורבן ביז צום דאַמאָלסדיגען טאָג. זיי האָבען געשילדערט די ליידען און צרות וואָס אידען זענען אויסגעשטאַנען און פונדעסטוועגען „שמך לא שכחנו", האָבען מיר ג־ט'ס נאָמען נישט פאַרגעסען. דעם בריוו האָבען זיי פאַרענדיגט מיט דער בקשה, אַז די ברידער פון יענער זייט סמבטיון, זאָלען זיי דערקוויקען דאָס האַרץ מיט אַ בריוו געשריבען אין לשון־הקודש און וועלכען עס זאָל געשילדערט ווערען וועגען זייער לאַנד און לעבען אויף יענער זייט סמבטיון. (מכתבים).

---

## דאָס אַרומרינגלען די מויערען.

אין ירושלים איז איינגעפירט געוואָרען אַ מנהג אַז אין די טעג פון חול־המועד זאָל מען אַרומרינגלען די אַלטע מויערען, כדי דערמיט מקיים צו זיין דעם פּסוק: „סובבו ציון והקיפוהו, ספרו מגדליה" — רינגעלט אַרום ציון און ציילט איהרע טורעמס. (מנהג).

---

## צובויען און געבויט צו ווערען.

„אנו באנו ארצה לבנות ולהבנות" — מיר זענען געקומען אין לאַנד אַריין כדי צו בויען און געבויט צו ווערען. (פאָלקס־ליד אין ארץ ישראל).

---

## אַז דער שטן לייגט זיך אַריין איז אַ סימן אַז די זאַך איז וויכטיג.

רבי אליהו גריידיצער ז״ל שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו: די גרויסקייט פון בנין הארץ איז צו זעהן דערפון וואָס דער שטן און דער כח הקליפה האָט זיך פאַרלייגט דערויף צו שטערען מיט פאַרשידענע אויסריידען אַז מען דאַרף נישט בויען ארץ־ישראל. (רבי ר׳ גריידיצער ז״ל).

---

## נישטאָ קיין אַנדערער רוה־פלאַץ.

עס איז נישטאָ קיין אַנדערער רוה־פלאַץ ווי נאָר ארץ־ישראל וואו מיר קאָנען זיין געזיכערט („היש לנו במזרח או במערב מקום תקוה נהי׳ עליו בטוחים״?) (רבי יהודא הלוי).

---

## מזרח און מערב.

„לבי במזרח ואנוכי בסוף מערב, איך אטעמה את אשר אוכל ואיך יערב״ — מיין הארץ איז אין מזרח, אָבער איך געפינט זיך אין מערב, ווי אַזוי קען איך פיהלען אַ טעם אין עסען או ווי אַזוי קען עס מיר זיס זיין? (ר׳ יהודא הלוי).

---

## דאָס ערשטע אידישע היסטאָריע־בוך.

אין דעם ספר „יוסיפון״ אין וועלכען עס ווערט צום ערשטען מאָל באַשריבען די געשיכטע פון חורבן ירושלים און די אידישע געשיכטע בכלל, געפינט זיך ביי די ענדע פאָלגענדע האָפנונגספולע ווערטער: עוד יבוא יום וקץ לצרותינו ופדות לנפשנו וירצו אלהינו לזכור את שבועתו לאבותינו ויבנה את עירנו וישכלל היכלנו ויקבץ פזורינו ואותנו יקים כבראשונה. — עס וועט קומען דער טאָג פון אויסלייזונג און ענדע צו די צרות; השי״ת וועט געדענקען די שבועה וואָס ער האָט געשוואָרען צו אונזערע עלטערען. אונזער שטאָט וועט צוריק אויפגעבויט ווערען, די צעזייטע און צעשפרייטע וועלען צוריק איינגעזאַמעלט ווערען און מיר וועלען צוריק אויפגעשטעלט ווערען אַזוי ווי אין אַמאָליגע צייטען. (סוף „יוסיפון״).

---

## ווען מיר וואָלטען קלוג געווען.

ווען מיר וואָלטען קלוג געווען, וואָלטען מיר צעריסען אונזערע קליידער, אָנגעקליידעט זיך אַ זאַק מיט אַש און אויפגעהויבען אַ ביטער געשריי, אַז ג־ט זאָל זיך איבער אונז דערבאַרעמען און זאָל אונז צוריקברענגען קיין ארץ־ישראל און די איינגעפאַלענע סוכת דוד זאָל צוריק אויפגעשטעלט ווערען מיט׳ן גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ. (רבי אליהו הכהן, שבט מוסר).

---

## פאַרוואָס באַהאַלט דער איד דאָס עס־מעסער בשעת ער זאָגט „ברכת־המזון״ ?

עס איז אַ מנהג ביי אידען אַראָפּצונעמען דאָס מעסער פון טיש נאָכ׳ן עסען ווען מען הייבט אָן זאָגען „ברכת־המזון״. דער טעם דערפון איז ווייל ווען דער איד וועט זאָגען די ווערטער „ובנה ירושלים עירך״, וועט זיין צער און האַרצווייטאָג איבער׳ן חורבן פון ארץ־ישראל זיין אַזוי שטאַרק, אַז עס איז פאַראַן אַ פּחד אַז ער וועט חלילה באַגיין זעלבסמאָרד. (ספר הטעמים).

---

## דער מעמאָראַנדום פון אַ פּאַרצייטישען חסידישן רבי׳ן צום שר משה מאָנטיפיאָרע.

רבי אברהם אָווריטשער זצ״ל וואָס איז נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען געקומען קיין ארץ־ישראל איז דאָרט באַפאַלען געוואָרען פון רויבער וועלכע האָבען איהם און זיינע נאָענטע צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט און זיי געלאָזט נאַקעט און באָרוועס. רבי אברהם האָט זיך דאַן געווענדעט צום אידישען שר ר׳ משה מאָנטיפיאָרע אין אַן אויספירלעכען מעמאָראַנדום אין וועלכען ער האָט געשילדערט מיט גענויע פּרטים וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט און ער האָט איהם געבעטען ער זאָל העלפען מיט אַלע מיטלען, אַז זיי זאָלען נישט זיין געצווינגען צו פאַרלאָזען דאָס ליבע היימלאַנד. דער עיקר — שרייבט ער דאָרט — זאָל דער שר זיך באַמיען אַז ער און זיין עדה וועלכע געפינען זיך אין צפת זאָלען דאָרט קענען רוהיג זיצען „כדי לעבוד את האדמה ולהיות רועי צאן ובקר״ — זיי זאָלען קענען באַאַרבייטען די ערד און קענען ווערען פּאַסטוכער פון שאָף און רינדער. (זכרונות פון יהודית מאָנטיפיאָרע).

---

## ארץ ישראל און אַנדערע לענדער.

יעדעס לאַנד אויף דער וועלט האָט אַ שר אין הימעל וועלכער איז ממונה אויף זיין לאַנד און יעדער שר הערשט אויף זיין לאַנד, אַ חוץ ארץ־ישראל וואָס האָט ניט קיין ספּעציעלען שר און מנהיג, נאָר דער אויבערשטער אַליין איז משגיח אויף'ן הייליגען לאַנד. (של"ה ק"ה ע"א).

---

## נישט ברעכען דעם מוט.

וועגען די וואָס זענען עולה קיין ארץ־ישראל מיט מסירת־הנפש שרייבט ר' יהודה הלוי אין אַ שיר: „ואל ימוט בלב ימים לבבך" — און דיין האַרץ זאָל נישט ווערען געפאַלען ווען דו געפינסט זיך אין'ם האַרץ פון די ימים. (ר' יהודה הלוי).

---

## דער ישוב ווערט געשטאַרקט דורך דעם אַריינקומען פון טוריסטען.

דער „שלטי הגבורים" רעדט מיט גרויס פאַראַכטונג וועגען דעם וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל בלויז אַלס באַזוך און נישט מיט דער דעה זיך דאָרט צו באַזעצען, אויסדריקענדיג זיך: „מי בקש זאת מידו רמוס חצרי" — ווער פאַרלאַנגט דאָס פון איהם צוטרעטען אין מיין הויף — ציטירענדיג די דאָזיגע ווערטער שרייבט הרב יעקב לעווענזאָן אין זיין „דבר בעתו": „מיר דאַכט זיך, אַז אין דער היינטיגער צייט ווען דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז ב"ה פאַרגרעסערט געוואָרען, און טויזענדער דאָרט וואוינענדע אידען זענען זיך מפרנס פון דער איינקופט וואָס עס ברענגען אַריין די טויזענדער באַזוכער־טוריסטען, איז זיכער נישט שייך צו זאָגען „מי בקש זאת מידם", ווייל דער ישוב אין ארץ־ישראל וואַרט און האָפט עס זאָלען קומען וואָס מעהר טוריסטען און דאָרט זיך אויפהאַלטען אַ לענגערע צייט, כדי זייער פרנסה זאָל דאַדורך גרינגער ווערען און דער ישוב וועט גע־שטאַרקט ווערען. השי"ת האָט זיכער דערפון אַ גרויסען נחת־רוח. (הרב יעקב לעווענסאָן).

---

## ווען מען איז ניט מחויב צו פאָלגען אפילו אַ טאַטען.

אויב איינער וויל פאָרען קיין ארץ־ישראל און טאַטע־מאַמע זענען ניט מסכים, איז ער ניט מחויב זיי צופאָלגען, וואָרים אַלע ראשונים

פסק׳נען אַז ישוב ארץ־ישראל איז אַ מצוות עשה און דער דין איז דאָך אין שלחן־ערוך, אַז מען איז ניט מחויב מקיים צו זיין כבוד אב דעמאָלט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען עובר זיין אויף אַן עשה. (בשם גדול אחד).

## ווען מען מעג אַרויספאָרען פון לאַנד.

מען טאָר נישט אַרויספאָרען פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ, סיידען אַז מען וויל לערנען תורה, חתונה האָבען אָדער ווען עס האַנדעלט זיך וועגען ראַטעווען אידען פון שמד. (רמב״ם, הלכות מלכים).

## אַ פאַלשע איינרעדעניש.

די וואָס רעדען זיך אַז זיי דאַרפען נישט פריער פאָרען קיין ארץ־ישראל נאָר בלייבען אויף די פּלעצער וואו זיי זענען ביז דער מלך המשיח וועט זיי אויסלייזען פון די לענדער און ערשט שפּעטער גיין קיין ירושלים — יענע זענען „חוטאים ומחטיאים את הרבים״. (רמב״ם, אין אַ בריוו צו אַ תלמיד).

## די גדולי הדור.

די גדולי הדור און מנהיגים וועלען דאַרפען אָפּגעבען דין־וחשבון פאַר׳ן אויבערשטען איבער דער גלייכגילטיקייט פונ׳ם דור וועגען ארץ־ישראל און פון זיי וועט מען מאָנען די חרפה פון באַליידיגטען הויז. (אור־החיים, פ׳ בהר).

## דער לעצטער חורבן אין ארץ־ישראל.

דער אומקום פון די זעקס מיליאָנען אידען פון דעם לעצטען חורבן איז געווען אַזוי שרעקליך אַז ווען אפילו מען זאָל אונז געבען ג אַ נ ץ ארץ ישראל וועט עס נישט זיין קיין קאָמפּענסאַציע און פאַרגיטיגונג פאַר אונזערע ליידען. (אַ אידישער מנהיג).

## פאַר ארץ־ישראל דאַרף מען צאָלען אַ פּרייז.

אברהם אבינו האָט באַצאָלט פיער הונדערט שקלים פאַר איין קבר, יצחק איז באַרויבט געוואָרען פון זיינע ברונעמס, יעקב האָט

באצאלט הונדערט קשיטות פאר א שטיקעל פעלד, אבי זייערע קינדער זאלען דאס לאנד בזיצען .(מפרשים).

## א דרייפאכיגע גאולה.

אז אידען וועלען קומען אין ארץ־ישראל וועט דאס זיין א דריי־פאכיגע גאולה. א) אידען וועלען ניצול ווערען פון שעבוד מלכות און פון טויטגעפאר, ב) די אויסלייזונג פון די שטעט פון ציון וירושלים, ג) אין דאס וויכטיגסטע עס וועט זיין ישועת אלקינו, קודשא בריך הוא, כביכול, וועט ארויסגענומען ווערען פון גלות. (אלשיך).

## די פארשידענע נעמען פון ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל ווערט אין תנ"ך אנגערופען מיט פארשידענע נעמען: ארץ העברים (בראשית מ׳) ארץ כנען (שמות ו׳) פלשת (שמות ט"ו).

## געדאנק, ווארט און טאט.

אין דעם איצטיגען הרת־עולמ׳דיגען מאמענט, דארף יעדער איד זיין פארנומען מיט פאלגענדע דריי זאכען וועגען ארץ־ישראל: במחשבה, דבור ומעשה מיט געדאנק, שטענדיג טראכטען וועגען דער אויפריכטונג פון אידישען גייסט אין הייליגען לאנד; מיט ווארט: רעדען און אגיטירען פאר׳ן אויפבוי פון ארץ־ישראל; מיט טאט: טאן ממשות׳דיגע מעשים און אנ־ווענדען פראקטישע מיטלען אז ארץ־ישראל זאל אויפגעבויט ווערען ברוח התורה והמצוות. (רבי יעקב ראזענהיים).

## חאטש איין ווארט.

אין א בריוו פון ארץ־ישראל שרייבט רבי מנחם מענדעל פון פרעמישלאן צווישען אנדערען: איידער איך בין געפארען קיין ארץ־ישראל האב איך געבעטען איך זאל זוכה זיין צו דאווענען חאטש איין תפלה פאר׳ן באשעפער ווי עס דארף צו זיין. איצט אז כ׳בין קלוגער געווארען, („אווירא דארץ־ישראל מחכים") בעט איך, איך זאל חאטש קענען זאגען איין ווארט ווי ס׳דארף צו זיין פאר׳ן בורא כל העולמים. (סדר הדורות החדש).

## נישט צו עסען און צו טרינקען, נאָר קענען לערנען תורה.

דער רמב״ם, רעדענדיג וועגען דער גאולה ווען אידען וועלען זיצען אין אייגענעם לאַנד, שרייבט צווישען אַנדערען פאָלגענדע ווערטער: אונזערע חכמים און נביאים האָבען געגלוסט און געהאָפט אויף די טעג פון משיח, נישט כדי די אידען זאָלען געוועלטיגען אויף דער וועלט און נישט כדי זיי זאָלען האָבען אַ ממשלה איבער די אומות העולם, אויך נישט כדי פעלקער זאָלען זיי הויך שעצען; נישט כדי זיי זאָלען קענען עסען און טרינקען און זיך פרייען — נאָר כדי זיי זאָלען זיין פריי צו לערנען תורה און איהר חכמה, נישט האָבענדיג קיין אונטערדריקער און שטערער (כדי שיהיו פנויין בתורה ובחכמתה, ולא יהיה להם נוגש ומבטל). (רמב״ם).

---

## די סיבה פון אונזער שוואַכקייט.

אַ זעהר חאַראַקטעריסטישע שטעלע געפינען מיר אין די בריוו פון רמב״ם וועלכער שרייבט דאָרט צווישען אַנדערען: „זאת היא שאבדה מלכותנו והאריכה גלותנו והחריבה בית מקדשנו עד היום, שאבותינו חטאו ולא התעסקו בלימודי המלחמה ולא בכבוש ארצות״. מיר האָבען פאַרלוירען אונזער מלוכה און דער גלות דויערט נאָך אַלץ און אונזער הייליג הויז איז ביז היינט נאָך חרוב, ווייל אונזערע עלטערען האָבען געזינדיגט און האָבען נישט עוסק געווען אין קריגס־סטראַטעגיע און נישט אין עראָבערונג פון לענדער. (אגרות רמב״ם).

---

## דער בריוו פון ווילנער גאון׳ס תלמידים.

עטליכע יאָר נאָך דעם ווילנער גאון׳ס פּטירה האָט אַ גרופּע פון זיינע תלמידים עולה געווען קיין ארץ־ישראל. די תלמידים האָבען זיך באַזעצט אין דער הייליגער שטאָט צפת און דאָרט געשאַפען אַ ישיבה אויפ׳ן נאָמען פון גאון. תלמידי־חכמים זענען געזיצען אַ גאַנצען טאָג איינגעהילט אין אַ טלית און תפילין און געלערענט תורה. די לאָזונג איז געווען „תורה חוזרת לאכסניה שלה״ (די תורה קערט צוריק צו איהר נעסט). די תלמידים האָבען אויך געקויפט באָדען און באַארבייט די ערד כדי דערמיט מקיים צו זיין די מצווה פון ישוב ארץ־ישראל. דאַן האָבען זיי זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף וועלכער איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרען איבער אַלע גרעסטע קהלות פון גלות.

אין דעם בריוו שרייבען זיי צווישען אַנדערען: פאַר אַלעם איז אונזער ציל אייך איבערצוגעבען די בקשה פון הייליגען לאַנד און דערגאַך אונזער אייגענע בקשה. דאָס הייליגע לאַנד רעדט צו אייך: איך דערמאָן זיך די צייט ווען איך בין געוועזען אַ פירשטען. אויך איצט פעהלט ביי מיר אין לאַנד גאָרנישט. ביי מיר ווערט די תורה פאַרשטענדליך און די נשמה געלייטערט. פאַרוואָס בין איך פאַרשעמט און פאַרלאָזען פון מיינע קינדער? ווי שיין און פראַכטפול איז דאָס לאַנד אַז אפילו אין צושטאַנד פון חורבן האָט זי קיין גלייכען צו זיך אין שיינקייט. (פון אַ בריוו).

## שוין דעמאָלט האָט מען מורא געהאַט פון דער גרינדונג פון אַ אידישע מלוכה.

אין דער טאָג־בוך פון דעם אידישען שר ר׳ משה מאָנטיפיאָרע ז״ל געפינט זיך פאָלגענדער כאַראַקטעריסטישער זאַץ: ווי עס ווייזט אויס איז דער פּאַשאַ מיט וועמען איך האָב פאַרהאַנדעלט איבער ארץ־ישראל־פראַגען יאָ גענויט צו ערלויבען דאָס גרינדען פון אידישע קאָלאָניעס אין הייליגען לאַנד, נאָר ווי עס איז געווען צו מערקען פון זיינע רייד איז ער באַזאָרגט און האָט מורא אַז מיט דער צייט וועלען אידען שאַפען אַ אידישע מלוכה. (ר׳ משה מאָנטיפיאָרע).

## דער טרויעריגער ניגון פון חצות.

נאָך חצות ווען די נאַכט־שטילקייט נעמט אַרום די גאַנצע בריאה זיצען פאַרבענקטע אידען און גיסען אויס זייערע ביטערע הערצער אויף דעם חורבן ירושלים און די דאָזיגע אבלי ציון פאַרקלינגען די לופט מיט פאָלגענדע האַרצרייסענדע ווערטער:

„קול ברמה נשמע בלילה, קול נהי מציון המהללה״, על היכלי אבכה יומם ולילה, ולתפארת ציון עיר המהוללה ועל עמה אשר הלכו בגולה״.

אַ שטים הערט זיך פון הימעל וואָס באַוויינט ציון, טאָג און נאַכט וויין איך אויף מיין צעשטערט היכל, אויף ציונ׳ס פאַרלוירענעם רוהם און אַ פאָלק וואָס איז איז גלות פאַרטריבען געוואָרען. אָבער „התנערי מעפר״ — וואַך אויף פון שטויב, די געפאַנגענע פון ציון, וואַרף אַרונטער די קייטען וואָס פעסטען דייך האַלדז און דאָס געוויין פון די בת ציון זאָל שוין איינגעשטילט ווערען. (תפילת חצות).

## די בענקשאַפט נאָך ציון אין אונזערע טאָג־טעגליכע תפלות.

דריי מאָל אין טאָג זאָגט דער איד מיט גרויס דבקות: ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים, — הלוואי, רבונו של עולם, זאָלען מיר נאָך מיט אונזערע אייגענע אויגען זעהען ווען דו וועסט מיט גרויס רחמים צוריקקערען קיין ציון. (תפלת שמונה עשרה).

---

## אַ זכר לחורבן

ביי יעדער אידישער חתונה איז איינגעפירט אַ מנהג אַז בשעת דער חופה זאָל מען צעברעכען אַ גלאָז אַלס זכר לחורבן. (ספר המנהגים).

---

## „דער מזרח"

אין אַ סך אידישע היימען פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער פלעגט הענגען אויף די וואַנט אַ בילד וואָס מען האָט גערופען „דער מזרח" אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעצירט פאַרשידענע פלעצער פון א"י ווי צום ביישפּיל, דער כותל המערבי, דער קבר רחל, מגדל דוד א. א. וו. דאָס דאָזיגע בילד מיט'ן נאָמען „דער מזרח" איז גע־האָנגען אויף דער זייט וואָס איז געווענדעט צו ירושלים. (מנהג־ישראל).

---

## ווי אַזוי די אידישע פרוי בעט אויף ציון וירושלים.

רבונו של עולם, אל המזבחות זכור, — האר פון דער וועלט און דערבאַרעמדיגער פאָטער — געדענק די דאָזיגע מזבחות פון די הרוגים און אומגעקומענע אויף קדוש־השם און העלף אונז, זאַמעל אונז איין פון אַלע פיער עקען פון דער וועלט, בוי צוריק אויף מיט פייער דיין הייליגע שטאָט ירושלים, טרייסט אונז פון אונזער טרויעריג געמיט און שיק אונז דיין משיח ער זאָל אונז איפּברענגען קיין ארץ־ישראל. (פון אַ קרבן־מנחה־תחינה).

---

## אַ ספּעציעלער מי־שברך.

רבי אברהם קאַליסקער האָט איינגעפירט אַז מען זאָל מאַכען אַ ספּעציעלען מי שברך פאַר די וואָס העלפען ארץ־ישראל „כל אחד ואחד מישראל המסייעים לא"י בין בגוף ובין בממון, **בין בדבור** ובין

במעשה״ — יעדען איינעם וואָס העלפט סיי מיט׳ן גוף און סיי מיט געלד, סיי מיט וואָרט און סיי מיט טאַט.

---

## דער ארץ־ישראל־מאָטיוו אין די אידישע תפלות.

ביי יעדער געלעגענהייט ווען דער איד איז מתפלל און גיסט אויס זיין האַרץ פאַר׳ן רבונו של עולם, דערמאָנט ער שטענדיג ציון וירושלים און ער בעט תמיד אז ארץ־ישראל זאָל אויפגעבויט ווערען: באַלד אינדערפרי ביי דער תפלה פון שחרית ווען ער זאָגט „אז ישיר״ בעט דער איד: „תבאמו ותטעמו בהר נחלתך״ — ברענג זיי און פלאַנץ זיי איין אין דעם הייליגען לאַנד. האַלט דער איד ביי „שמונה עשרה״ בעט דער איד „תקע בשופר גדול לחרותנו״ — שאַל מיט דיין שופט פאַר אונזער פרייהייט און „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״ — אונזערע אויגען זאָלען זעהן ווי דו קערסט צוריק קיין ציון. ביי קבלת שבת — זינגט ער מיט גרויס דבקות „מקדש מלך עיר מלוכה״ און „התעוררי, התעוררי״, וואָס עס קומט צום אויסדרוק דאָס לעכצען נאָך דער גאולה. אין די פרייטאָג־צונאַכט׳סן — בעט דער איד אַז דער „אב הרחמים זאָל ניט פאַרגעסען זיין פאַרשטויסען פאָלק און ער זאָל אונז אויפברענגען „בשמחה לארצנו״ מיט שמחה אין אונזער לאַנד אַריין. ווען דער שבת גייט אַוועק, גיסט דער איד אויס זיין השתפכות הנפש צו „אליהו הנביא״ ער זאָל באַלד קומען אונז אויסלייזען. איז דער איד עולה לתורה שבת צום מפטיר, בעט דער איד: רחם על ציון כי היא בית חיינו — דערבאַרעם זיך איבער ציון ווייל דאָס איז אונזער לעבען. בענשט ער ראש־חודש, איז דער איד פול מיט האָפנונג, אַז „והוא יגאל אותנו בקרוב״ אַז ג־ט וועט אונז באַלד אויס־לייזען. קומט שלוש־רגלים, פסח־שבועות־סוכות, בעט דער איד אין דער תפלה „ותערב״ „אנא רחום ברחמיך הרבים השב שכינתך לציון עירך ברנה״ — איך בעט דיך, דערבאַרעמדיגער, קער צוריק מיט געזאַנג דיין שכינה קיין ציון, און „והביאנו לציון עירך ברנה״ — זאָלסט אונז ברענגען אין דיין ציון־שטאָט מיט געזאַנג. די ראש־השנה תפלות זענען פיל מיט בענקשאַפט און געבעט וועגען שיבת־ציון. ווען דער איד בענשט חנוכה־ליכט, בעט ער, „קרב קץ הישועה״ — דערנענטער די ענד פון דער ישועה. דער אתרוג, לולב און הדס איז ביים איד פאַרבונדען מיט ארץ־ישראל־געדאַנקען, ווייל דאָס זענען פרוכטען וואָס קומען פון הייליגען לאַנד. אין דעם חופה־טאָג, ווען עס איז די גרעסטע פרייד, ווערט אונטער דער חופה אַ גלאָז צעבראָכען כדי נישט צו פאַרגעסען אַן חורבן און מען בעט דעמאָלט, אַז די שטים

פון פרייד זאָל ווידער געהערט ווערען אויף די גאַסען פון ירושלים. פאַרקלייבט זיך אַ איד אין אַ נייער וואוינונג און ער מאָלט אויס די צימערען, לאָזט ער איבער אַ שטיק וואַנט פון איין צימער נישט אויסגעמאָלט, כדי עס זאָל איהם דערמאָנען אינ׳ם חורבן פון הייליגען לאַנד. ווען דער איד בעט ביים באַשעפער ער זאָל זיך דערמאָנען וועגען זיינע נויטיגע באַדערפענישען צום לעבען, בעט ער גלייכ־צייטיג „וזכרון ירושלים עיר קדשך״ — ער זאָל אויך געדענקען אָן דער הייליגער שטאָט ירושלים. כמעט יעדעס אידיש ספר, יעדע הקדמה צו אַ ספר, יעדע דרשה פון אַ רב אָדער מגיד פאַרענדיגט זיך מיט די ווערטער „ובא לציון גואל״ — דער אויסלייזער זאָל קומען קיין ציון. ווען דער איד בעט עס זאָל זיין ליכטיקייט, איז עס נישט קיין געוועהנליכע ליכטיקייט, נאָר „אור חדש ע ל צ י ו ן תאיר ונזכה כולנו מהרה לאורו״ — אַ נייע ליכטיקייט זאָל באַלייכטען ציונ׳ס וועגען און אַלע זאָלען מיר דערלעבען יענע צייט.

---

## מען זאָל נישט משנה זיין די ארץ־ישראל־צדקה.

אין אַ כרוז וואָס דער באַרדיטשיווער זצ״ל האָט אַרויסגעגעבען אין וועלכען עס איז אויך געצייכענט רבי יעקב שמשון שעפּיטיווקער און רבי מרדכי ניסחיזשער זצ״ל ווערט אין האַרבע ווערטער געוואָרענט אַז מען זאָל ניט משנה זיין פון דעם געלד וואָס איז באַשטימט פאַר ארץ־ישראל אויף קיין שום צדקה אין דער וועלט „אפילו להדליק שמן זית בבתי כנסיות״, — ווען אפילו עס האַנדעלט וועגען אָנצינדען בוימאויל אין די בתי־מדרשים. (פון אַ כרוז).

---

## דעם חפץ חיים׳ס בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל.

ווען דער „חפץ־חיים״ זצ״ל האָט געשריבען תנאים מיט זיין ערשטען אײדעם הגאון ר׳ אהרן הכהן, וועלכער איז נפטר געוואָרען אין תל־אביב, האָט ער איינגעשריבען אַ קלאָרען תנאי: אַז חאָטש ער איז איהם מבטיח קעסט, דאָך זאָל ער קיין רשות ניט האָבען איהם צו שטערען צו פאָרען קיין ארץ־ישראל. (הרב מ. ישר).

---

## די שיינקייט פון דער וועלט.

„הדר העולם — ארץ־ישראל, והדר ארץ־ישראל — ירושלים״ — די שיינקייט פון דער וועלט איז ארץ־ישראל און די שיינקייט פון ארץ־ישראל — איז ירושלים. (רמב״ן).

## צייט און מעגליכקייט.

ישוב ארץ־ישראל אינו תלוי בזמן אלא באפשרות — דער ישוב א״י איז ניט אָפּהענגיג אָן צייט נאָר אין מעגליכקייט. (גערער רבי, אין אוסף מכתבים).

---

## אהבת ארץ־ישראל.

דער בעל־שם־טוב האָט באַצייכענט דריי יסודות אויף וועלכע דאָס אידישע לעבען דאַרף באַזירען און דאָס זענען: אהבת המקום — ליב האָבען דעם באַשעפער, אהבת התורה — ליב האָבען תורה, און אהבת ישראל — ליב האָבען אידען. היינטיגע צייטען דאַרף מען גורם זיין און צוגעבען אהבת ארץ ישראל — ליב האָבען ארץ־ישראל. (בשם גדול אחד).

---

## די לאָזונג פון ארץ־ישראל־קעמפער.

די לאָזונג פון די פּאַרצייטישע ארץ־ישראל־קעמפער איז געווען: „לא נשוב אל ביתנו עד הנחל בני־ישראל". מיר וועלען נישט צוריקקערען צו אונזער הויז ביז די אידישע קינדער וועלען אַרבען דאָס אידישע לאַנד.

---

## אידישע מלוכה.

„ולא ישתנה במציאות שום דבר ממה שהוא עתה, אלא שהמלכות תחזור לירושלים" („און עס וועט גאָרנישט געענדערט ווערען אין דער ווירקליכקייט פון דעם היינטיגען צושטאַנד, נאָר בלויז דערמיט וואָס עס ווערט צוריקגעקערט ווערען דאָס מלכות קיין ירושלים"). (רמב"ם וועגען ימות המשיח, סנהדרין, חלק).

---

## די וואָס וואַרטען אויף זייערע פּלעצער.

אלה שמפתים עצמם ואומרים שיעמדו במקומם עד שיבוא מלך המשיח לארץ־המערב ואז יהי' יוצאים והולכים לירושלים — עוברים הם ומחטיאים זולתם. (רמב"ם מאמר קדוש־השם).

די יעניגע וואָס רעדען זיך איין און זאָגען אַז זיי וועלען שטיין אויף זייער פּלאַץ ביז מלך המשיח וועט קומען אין דעם מערב־לאַנד

און ערשט דעמאָלט וועלן זיי גיין קיין ירושלים — זענען אַליין עובר און מאַכען אויך אַנדערע זינדיגען (רמב"ם).

## אַ קורצער היסטאָרישער איבערבליק.

די וויכטיגסטע היזטאָרישע ערדבערונגען פון ארץ־ישראל דורך פאַרשידענע באַצווינגער איז פאָרגעקומען לויט'ן פאָלגענדען חראָנאָלאָגישען סדר:

דער ערשטער עראָבערער פון ארץ־ישראל איז געווען שלמנאסר דער מלך פון אשור.

דער עראָבערער פון די צייטען פון בית־המקדש שני איז געווען טיטוס פון רוים.

די צעטיילונג פון דער רוימישער אימפעריע וואָס האָט געברענגט דערצו אַז ארץ־ישראל זאָל אַריבער צו באַצאַנץ איז פאָרגעקומען אין יאָר 395.

די עראָבערונג דורך די אַראַבער איז פאָרגעקומען אין יאָר 634.

די עראָבערונג דורך די טערקן איז געווען אין יאָר 1086.

די עראָבערונג פון די ערשטע נוסעי־הצלב (קרייץ־צוגען) איז געווען אין יאָר 1099.

די עראָבערונג פון דעם עגיפּטישען הערשער צלאח אל דין איז געווען אין יאָר 1087.

די עראָבערונג פון די אָטאָמאַנען איז געווען אין יאָר 1516.

די עראָבערונג פון נאַפּאָלעאָנען איז געווען אין יאָר 1799.

די עראָבערונג פון דעם עגיפּטישען קעניג איבראים פּאַשאַ איז געווען אין יאָר 1839.

דערנאָך זענען געקומען צוויי היסטאָרישע פּאַסירונגען וועלכע האָבען באַדייטעט אַ נייע ווענדונג אין דער היינטיגער תקופה.

די באַלפור־דעקלאַראַציע אין יאָר 1917.

און די אַנערקענונג פון אַן אייגענע זעלבסשטענדיגע אידישע מדינה דורך דער יו־ען פאַראייניגטע פעלקער אין יאָר 1947. (געשיכטע).

## אַ ציגעל זאָגט שירה.

יעדער ציגעל וואָס ווערט איינגעמויערט אין אַ וואַנד פון ארץ־ישראל זאָגט שירה. (משורר).

## דעם באַרדיטשעווער׳ס ארץ־ישראל־בענקשאַפט.

וועגען דעם גרויסען צדיק רבי לוי־יצחק באַרדיטשעווער ווערט דערציילט, אַז ווען ער האָט געשריבען תנאים מיט זיינס אַ קינד האָט ער געהייסען איינשרייבען אין די תנאים פאָלגענדע ווערטער:

החתונה תהי׳ בירושלים עיר־הקודש. ואם משיח צדקנו לא יבוא חס־ושלום בזאת השנה, החתונה תהיה בבאַרדיטשעוו. (די חתונה וועט אי״ה פאָרקומען אין דער הייליקער שטאָט ירושלים, און אויב משיח וועט חס־ושלום נישט קומען אין דעם יאָהר, וועט די חתונה זיין אין באַרדיטשעוו).

---

## הערען און זעהן.

אין תלמוד בבלי איז תמיד פאַראַן דער אויסדרוק „תא־שמע״, הער, דאַגעגען אין תלמוד ירושלמי ווערט באַנוצט דאָס וואָרט „תא־חזי״, זעה. דאָס איז אַ רמז אז ארץ־ישראל דאַרף מען זעהן מיט די אייגענע אויגען. (רבי מענדעלע וויטעבסקער זצ״ל).

---

## ניט פאַרלוירען די האָפנונג.

רבינו סעדיה גאון אין דעם ספר „האמונות והדעות״ שרייבט דאָרט צווישען אַנדערען וועגען דער אידישער גאולה פאָלגענדע אינטערעסאַנטע ווערטער:

טראָץ דעם וואָס אַסך וואונדערען זיך אויף אונזי ווי אַזוי מיר באַזיצען אַזאַ שטאַרקע געדולט און אויסדויער־קראַפט, נישט אויפצוגעבען דעם גלויבען אין דער גאולה און בנין הארץ, דאָך ווערט אונזער האָפנונג נישט אויסגעלאָשען און מיר גלויבען אַז די ישועה וועט פאָרט ענדליך קומען, ווייל די וואָס זייען מיט טרערען וועלען נאָך שניידען מיט געזאַנג. (מאמר שמיני גאולה אחרונה).

---

## דעם ווילנער גאון׳ס בריוועל צו זיין מוטער.

פאָרענדיג אויפ׳ן וועג קיין ארץ־ישראל שרייבט דער ווילנער גאון ז״ל פאָלגענדע רירענדע ווערטער צו זיין מוטער: „אי״ה אם אזכה להיות בירושלים עיר הקודש אצל שערי שמים אבקש בעדך כאשר הבטחתי לך״ — אַז איך וועל אי״ה זוכה זיין צו קומען אין דער

הייליגער שטאָט ירושלים צו די טויערען פון הימעל, וועל איך בעטען פאַר דיר אַזוי ווי איך האָב דיר צוגעזאָגט.

---

## אַז מען זייעט — שנייד מען.

פונקט ווי עס איז נאַריש דער, וואָס פאַרשטייט נישט, אַז ווען מען פאַרזייט די זריעה אין דער ערד, גיט עס אין צייט פון שניט אָפּ צוואַנציג און דרייסיג פאַכיג מער וויפיל מען האָט פריער אַריינ־געגעבען אין דעם אַקער, אַזוי אויך איז אונוויסענד דער וואָס קען ניט באַגרייפען די אונאויפהערליכע אידישע האָפנונג, אַז אידען וועלען צונויפקלייבען ווערען קיין ארץ־ישראל און קיין איינער וועט ניט בלייבען אין גלות. (רבי סעדיה גאון זצ״ל).

---

## דאָס לאַנד פון יעדענס האָפנונג.

אין אַ בריוו באַוואוסט אַלס „עלים לתרופה״, שילדערט דער ווילנער גאון ז״ל דעם שווערען דערנער־וועג וואָס ער האָט דורכ־צומאַכען אויפ׳ן וועג קיין ארץ־ישראל און שרייבט דאָרט צווישען אַנדערען: מענטשען פאַרלאָזען גאַנצע פאַמיליעס, ווייב און קינדער און פאָרען אַוועק אויף יאָרען לאַנג אין ווייטער לענדער און מְקומות כדי צו מאַכען אַ ביסעל געלד און איך, געלויבט השי״ת, פאָר אין הייליגען לאַנד וואָס יעדער האָפט און שטרעבט צו זעהן, וואָס „כל עליונים וכל תחתונים תשוקתם עליה״. (עלים לתרופה).

---

## דאָס לאַנד וואָס איז מסוגל צו נבואה.

נאָר ארץ־ישראל איז מסוגל צו נבואה, אין גלות אָבער איז אָפּ־געטאָן געוואָרען די נבואה, ווייל דאָס אידישע לעבען דאָרט איז אָנגע־שטעקט מיט „עצלות און עצבות״, פוילקייט און טרויעריקייט. (רמב״ם, מורה נבוכים).

---

## וואָס הייליגער — אַלץ חרוב׳ער

אין אַ בריוו פון ארץ־ישראל שרייבט דער רמב״ן מיט גרויס האַרצווייטאָג: „ומה אגיד לכם בענין הארץ? רבה העזובה וגדול השממון

כללו של דבר: כל המקודש מחברו נחרב ביותר מחברו וירושלים יותר חרבה מן הכל והארץ יהודה מן הגליל" — און וואָס זאָל איך אייך זאָגען וועגען דעם לאַנד? די פאַרלאָזענקייט איז שטאַרק, די פוסטקייט איז גרויס און די הויפט זאַך איז וואָס אַלץ וואָס טראָגט אין זיך מער הייליקייט, איז עס מער צעשטערט. ירושלים איז חרוב'ער פון אַלעם און דאָס לאַנד יהודה איז מער צעשטערט ווי דער גליל. (אגרות הרמב"ן).

---

## ערשט אין ארץ־ישראל האָט דער רמב"ן באַרואיגט זיין געמיט.

אין אַ בריוו שרייבט דער רמב"ן פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פערזען און גראַמען: „עזבתי את ביתי, נטשתי את נחלתי, ושם הנחתי את רוחי" — איך האָב פאַרלאָזט מיין הויז, איבערגעלאָזט מיין פאַרמעגענס און ערשט דאָרט האָט מיין געמיט זיך באַרואיגט. (אגרות הרמב"ן).

---

## אַז די שטעט פון יהודא זענען חרוב.

דער וואָס זעהט ווי די שטעט פון יהודה זענען חרוב דאַרף רייסען קריעה ווי אַן אבל. (אור־חיים).

---

## פאַרוואָס הייסט עס חוץ־לארץ?

די לענדער אויסער ארץ־ישראל ווערען גערופען „חוץ־לארץ", ווייל דאָרט זענען מיר ממש א י ב ד ר ו י ס ע ן, קיינער נעמט אונז נישט אַריין ביז מיר קומען אויף אונזער הייליגער ערד. (רבי נחמן ברעסלאָווער, חיי מוהר"ן).

---

## די בקשה פון ר' יהודה הלוי.

זיין גרויסע בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל האָט ר' יהודה הלוי אויסגעדריקט אין דעם פאָלגענדען העכסט שיינעם שיר אין גראַמען:

אם רצון נפשכם למלאות רצוני,<br>
ואלך למעוני,<br>
כי מנוחה לא אמצא עוד לרגלי<br>
עד אכונן בבית־מלוני — מעוני. (ר' יהודה הלוי).

## די הייליקייט ציט זיך פון די אוראַלטע צייטען אָן

„הרי שקדושת הארץ ומעלתה היא משעת נתינתה אה האבות הקדושים — לא משעת הכבוש בלבד וכן כתיב: ארץ־העברים" — די הייליקייט און דערהויבענקייט פון ארץ־ישראל ציט זיך נאָך פון די צייטען ווען דאָס לאַנד איז געגעבען געוואָרען צו די הייליגע אבות — און נישט נאָר פון דער צייט פון דער עראָבערונג אַליין. אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „ארץ־העברים". (כפתור ופרח, פון רבי אשתרי הפרחי).

---

## ארץ ישראל — דער אידישער זווג.

ארץ־ישראל איז באַשטימט געוואָרען פון דער השגחה עליונה נאָר פאַר'ן אידישען פאָלק. ארץ־ישראל און עם ישראל זענען איין זווג, איינער אָהן אַנדערען קאָן נישט עקזיסטירען. ווען דאָס אידישע פאָלק זיצט אויף זיין אייגענער ערד, דעמאָלט איז „מצא מין את מינו" און ערשט דעמאָלט באַקומען ביידע דעם געהעריגען תיקון. (רבי מאיר דן פּלאָצקי זצ"ל).

---

## געהייליגט צו ווערען

„כל הנוסע לארץ־ישראל, נוסע לקדש את עצמו" — ווער עס פאָרט קיין ארץ־ישראל פאָרט אַהין כדי געהייליגט צו ווערען. (של"ה הקדוש).

---

## די תפלה פון די אנשי צפת.

די אַמאָליגע איינוואוינער פון צפת האָבען געהאַט פאָלגענדע תפלה: הלוואי אונזערע זינד זאָלען נישט גורם זיין צו דאַרפען אַרויסגיין פון אונזער ליבען טייערען לאַנד (ארץ חמדה טובה ורחבה) צוליב אַ שטיקעל ברויט. (תפלה פון די אנשי צפת).

---

## פרייליכקייט

ווער עס וואוינט אין ארץ־ישראל דאַרף שטענדיג זיין פריילּיך. (חרדים).

---

## אַז מען רעדט שלעכטס אויף דעם קעניג׳ס קינדער.

פאַרוואָס איז געווען דער חטא פון די מרגלים אַזוי גרויס? נאָר עס איז אַ משל צו אַ מלך: איינער איז אַמאָל געקומען אין פאַלאַץ פון קעניג און האָט דאָרט אויסגערעדט שלעכטס אויף זיינע קינדער, אַז דער קעניג האָט דאָס דערהערט, האָט ער געהייסען מען זאָל איהם אַרויסטרייבען פונ׳ם פאַלאַץ. (סטאָלינער רבי זצ״ל).

---

## דער כבוד פון הייליגען לאַנד.

די זינד פון די מרגלים איז דאַדורך אַזוי שווער ווייל השי״ת איז מקפיד אויף דעם כבוד פון ארץ־ישראל מער ווי אויף זיין אייגענעם כבוד. (רבי מאיר שמחה דווינסקער זצ״ל).

---

## וואָס פאַר ווערט האָט געלד אַקעגען ציון וירושלים?

„כל נפשו וכל מאודו, כל רכושו וממונו של איש ישראל כאפס וכאין נחשב לי נגד ישועת ד׳ ועמו ישראל ושיבת ציון״ — דאָס גאַנצע נפש און געלד, פאַרמעגען און האָב און גוטס פון אַ אידישען מענטש, זענען נישט מיט נישט אַקעגען ג־ט׳ס הילף, אידיש פאָלק און שיבת־ציון. (רבי צבי הירש קאַלישער, אין בריוו צום באַראָן ראָטשילד).

---

## וואו משיח וועט זיך צוערשט באַווייזען.

בארץ־ישראל תהיה תחילת הראתו — משיח וועט זיך דאָס ערשטע באַווייזען אין ארץ־ישראל. (רמב״ם, אגרת תימן).

---

## ישוב און מדבר

אַז יודען זיצען אין ארץ־ישראל, חאָטש דאָס לאַנד איז באַוואוינט אויך פון אַנדערע, איז עס אַ ישוב; ווען יודען זענען פאַרטריבען פון לאַנד און נישט יודען זיצען דאָרט איז עס אַ מדבר... (רבי לוי יצחק באַרדיטשיווער זצ״ל).

---

## אַז מען איז עוסק בתורה איז דער חלק גרעסער.

אַז יודען זיצען אין ארץ־ישראל און זענען עוסק בתורה ומצוות איז זייער חלק אינ׳ם לאַנד גרעסער אַ חוץ דעם חלק וואָס זיי האָבען דערין מצד דער ירושה פון די עלטערען... (קדושת־לוי).

---

## תשעה באב אין ירושלים.

ס׳איז ווערט צוקומען פון אַלע וועלט־טיילען קיין ירושלים און דאַוונען אין אַ תשעה באב אין בית־המדרש, ווען מען זעהן ווי יונג און אַלט, פרומע און נישט פרומע וויינען און קלאָגען אויף׳ן חורבן, דאָס פאָלק דאַוונט מיט אַן התעוררות, אַזוי ווי דער בית־המקדש וואָלט חרוב געוואָרען אין זייער צייט. (אין בריוו פון רבי רפאל מולכו).

---

## אַ „שהחיינו״

אין אַ בריוו פון ארץ־ישראל שרייבט אַ גרויסער חסידישער פירער צווישען אַנדערען: „ברוך שהחיינו וקיימנו והגיענו לארץ־הקדושה״. (רבי ישראל פלאַצקער זצ״ל).

---

## מען דאַרף גיין צופיס

אַ רמז אַז צו ארץ־ישראל דאַרף מען גיין אפילו צופיס, קען מען האָבען פון השי״ת׳ס באַפעל צו אברהם אבינו זאָגענדיג איהם מיט׳ן לשון: לך־לך, זאָלסט גיין, גיין צופיס. (רבי נחמן ברעסלאָווער זצ״ל).

---

## די בקשה פון רבנו סעדיה גאון.

יהי רצון מלפניך ד׳ אלוקינו שתראה בעני עמך ישראל הנפוצים בכל הארצות ובחרבות ירושלים אשר היתה לשממה ותקנא לשם קדשך המחולל בגויים ותקבץ שארית צאנך מכל המקומות אשר נפוצו שמה, והשב ישראל אל נווהו ובאה הממלכה הראשונה, מלכות לבת־ירושלים״ — זאָל זיין דיין ווילען, ג־ט אונזער ג־ט, זאָלסט זעהן שוין דעם עלענד פון דיין פאָלק ישראל וואָס איז צעשפרייט אין אַלע לענדער און רחמנות האָבען אויף ירושלים וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וויסטעניש, און זאָלסט אַננעמען פאַר דעם הייליגען נאָמען וואָס

איז פאַרשוועכט געוואָרען צווישען די פעלקער; און זאָלסט צוזאַמענ־נעמען דיינע איבערגעבליבענע שאָף פון אַלע ערטער וואו זיי זענען צעשפּרייט, און ברענג צוריק ישראל אין זיין וואוינונג, און עס זאָל צוריקקומען די פריהעריגע ממשלה — דאָס מלכות צו ירושלים. („בקשה" פון רבנו סעדיה גאון ז"ל).

## געקושט די שטיינער.

נאָכדעם ווי דער של"ה הקדוש איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל (אין יאָר 1621) שרייבט ער פון דאָרט אין אַ בריוו צווישען אַנדערען: „באנו לצפת בשלום ונפלתי לארץ ונשקתי את האבנים ואת העפר לקיים מה שנאמר כי רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו — מיר זענען אָנגעקומען קיין צפת און איך בין אַרויפגעפאַלען אויף דער ערד און געקושט די שטיינער מיט דעם שטויב, כדי מקיים צו זיין דעם פסוק: דיינע קנעכט האָבען באַוויליגט די שטיינער און דעם שטויב האָבען זיי געצערטעלט. (של"ה הקדוש).

## אַ ירושה פון די עלטערען.

„הארץ אשר אחזנו לרשתה אחוזת אבותינו היא" — דאָס לאַנד וואָס מיר האָבען גענומען צו ירש'נען איז די אַרב פון אונזערע עלטערען. (שמעון החשמונאי).

## דער אידישער גייסט איז געגען מלחמה.

אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף געגען סיסרא, האָט אַ אידישע פרוי מיט'ן נאָמען יעלה, איהם דערמאָרדעט. אין די ספרי אגדה, ווערט דערציילט, אַז די מוטער פון דער העלד האָט געקרעכצט הונדערט קרעכצען הערענדיג, אַז איהר זון איז אומגעקומען, דערויף ווערט געזאָגט אין תוספת אַז די מאה קולות פון שופר וואָס בלאָזט אום ראש־השנה זענען „כנגד מאה פעיות דפעיא אימיה דסיסרא" (תוספת ר"ה דף ל"ג ע"ב ד"ה שיעור־תרועה). (לפרקים).

## דער רמז דורך אַ פסוק פון תהלים.

אין דער צייט ווען די אידען זענען אַטאַקירט געוואָרען דורמ די שונאי־ישראל באַלד נאָך דער אַנערקענונג פון דער מדינת ישראל

און אידיש בלוש האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער, האָט איינער פון חשוב׳סטע ירושלי׳מער פערזענליכקייטען, מורא האָבענדיג פאַר דער צענזור, אַרויסגעשיקט צו איינעם פון די גדולי ישראל פאָלגענדע טעלעגראַמע: „עיין בתהילים ע״ט פסוק ג׳״. דער פסוק לייענט זיך ווי פאָלגט: „שפכו דמם כמים סביבסות ירושלים ואין קובר״ — זיי האָבען פאַרגאָסען דאָס בלוט ווי וואַסער אַרום ירושלים און ניטאָ ווער עס זאָל קובר זיין.

## חבלי מיתה און חבלי לידה.

עס זענען פאַראַן צווייערליי ליידען, פאַראַן „חבלי מיתה״, אַזעלכע יסורים וואָס פאַראורזאַכען דעם סוף פון לעבען און ברענגען דעם טויט, אַזעלכע יסורים ברענגען גאַרנישט קיין נוצען און זענען אומזיסט. און עס זענען ווידער פאַראַן „חבלי לידה״ אַזעלכע יסורים, וועלכע זעבען געמישט מיט פרייד, ווייל זיי ברענגען די געבורט פון אַ ניי, אויפוואַכענדיג לעבען. די יסורים און ליידען פון ציון זענען די זעלבע וואָס „חבלי לידה״, און דאָס איז דער טייטש פונ׳ם פסוק „אלי ציון ועריה״, די יסורים און ליידען פון ציון איז „כמו אשה בציריה״, די זעלבע וואָס ביי אַ געווינעריך, חבלי לידה. (רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל).

## שנאת־חנם

די חז״ל זאָגען (יומא ט׳): „מקדש שני מפני מה חרב? מפני שהיתה בו שנאת־חנם״ — דער צווייטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען דורך שנאת־חנם. אין אַ צווייטען מאמר געפינען מיר: לא חרבה ירושלים אלא בשביל שביזו בה תלמידי חכמים (שבת קי״ט). אָט די דאָזיגע איין פלוג סתירה׳דיגע מאמרים ערקלערען איינס דאָס אנדערע, ווייל וואָלט זייער שנאה געווען צו אמת׳ע ריכטיגע תלמידי חכמים, וואָלט דער חטא נישט געווען אַזוי געוואַלדיג, ווייל עס איז אַ נאַטירלעכע ערשיינונג, אַז אַן עם־הארץ זאָל פיינט האָבען אַ תלמיד־חכם ווי עס ווערט דערציילט פון דעם תנא רבי עקיבא וואָס האָט געזאָגט: „כשהייתי עם־הארץ אמרתי מי יתן לי תלמיד־חכם ואנשכנו כחמור״ — (פסחים מ״ט). ווען איך בין געווען אַן עם־הארץ האָב איך מיר געטראַכט: ווי נעמט מען אַ תלמיד־חכם וועל איך איהם צובייסען ווי אַן אייזעל, שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז די תלמידי־חכמים וועלכע די ירושלי׳מער מענטשען האָבען געהאַסט, זענען אין דער ריכטיקייט

קיין תלמידי־חכמים נישט געוועזען און די שנאה צו זיי איז נעבעך געווען אַן אומזיסטע, אַ שנאת חנם. (בדרך הלצה פון דזשיקיווער רבי ר׳ יהושע׳לע זצ״ל בעל עטרת־יהושע).

## מיט דער ערלויבעניש פון די מלוכות.

דער רמב״ן שרייבט: „ראשית הגאולה העתידה תהי׳ על פי רשיון המלכות ויהי׳ קצת קיבוץ גליות ואחר כך יוסף השם יתברך שנית ידו כדכתיב: ישב את שבותך, ואחר כך: ושב וקבצך מכל העמים״. דער אָנהויב פון דער צוקונפטיגער גאולה וועט זיין מיט דער ערלויבעניש פון די שטאַאַטען און עס וועט זיין אַ מין קיבוץ גליות אין מיניאַטור, דאַן וועט השי״ת ווידער אויסשטרעקען דאָס צווייטע מאָל זיין האַנט אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: און ער וועט דיך איינזאַמלען פון צווישען אַלע פעלקער. (פירוש על שיר־השירים המיוחס להרמב״ן).

## די גלות־אומשטענדען.

דעם פיוט „הס קטגור וקח סניגור מקומו״, וועלכען מען זאָגט יום־כפור ביי מעריב, האָט אַ גדול אויסגעטייטשט אויף פאָלגענדען אופן: נאָר אין ארץ ישראל, אין אַן אייגען לאַנד אויב מען זינדיגט קען עס אַרויסרופען קריטיק און טאַדלונג, אָבער אין גלות ווען אפילו מען איז זינדיג קען מען דערויף געפינען אַ לימוד־זכות. און דאָס איז דער זין פון די ווערטער: „הס קטגור״! שוויג דו פּראָקוראָר און קריטיקיר נישט אַזויפיל, „וקח סניגור״ און נעם אַלס פאַרטיידיגונג און המלצת־זכות „מקומו״, זיין אָרט, די ספּעציפישע שווערע באַדינגונגען פון דעם צוויי טויזענט יעריגען אידישען גלות און ביטערען וואַנדערונגס וועג. (בשם גדול אחד).

## די באַנייאונג פון מלכות בית־דוד

דער טעם פאַרוואָס מיר זענען זיך נוהג צו זאָגען ביי קדוש־החודש „דוד מלך ישראל חי וקים״ איז כדי דערמיט אָנצודייטען, אַז די צוקונפטיגע מלכות בית דוד איז גלייך צו דער לבנה און האָט די זעלבע אויסזיכט באַנייט צו ווערען, וואָס האָטש זי פאַרשווינד אויף אַ קורצע ווילע, דאָך ווייזט זי זיך באַלד צוריק אין איהר פולען גלאַנץ. (אין נאָמען פון רמ״א).

## גלייך ווי מען זעהט דעם קעניג.

די וואָס זענען זוכה צו זיצען פאַר׳ן באַשעפער אין ארץ־ישראל, איז דאָס גלייך ווי מען וואָלט געזעהן דאָס פנים פון מלך. (דרשות הרמב״ן).

## פאַרניכטעט אַלע פרוכט־בוימער.

אין מדרש ווערט דערציילט: ווען די כנענים האָבען געהערט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַרויס פון מצרים און גרייט צוקומען קיין ארץ־ישראל האָבען זיי פאַרניכטעט און צושטערט אַלע פרוכט־בוימער כדי די אידען זאָלען דערפון נישט קענען קיין הנאה האָבען. און דאָס איז דער טעם פאַרוואָס ווען די מרגלים זענען געגאַנגען אויספאָרשען דאָס לאַנד האָט מען זיי ספּעציעל אָנגעזאָגט זיי זאָלען זעהן „היש בה עץ אם אין״. (אלשיך).

## יתגדל ויתקדש.

דער גאון, רבי מאיר שמחה פון דווינסק, דער בעל „משך חכמה״ איז געווען אַ שטאַרקער חובב־ציון און אַלעס אָנגעווענדעט כדי צו שטיצען דעם ישוב הארץ. ער האָט זיך זעהר געפרייט ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז דאָס לאַנד ענטוויקלט זיך גוט און עס קומען דאָרט צו פרישע קאָלאָניעס. רבי — האָט איהם אַמאָל זיינס אַ מקורב געפרעגט — וואָס קאָן פרייען אַזאַ ישוב ארץ־ישראל, אַז די מערהייט באַשטייט פון נישט פרומע און פושעים? דערויף האָט איהם דער דווינסקער געענפערט: אין דער תפלה פון קדיש ווערט געזאָגט „יתגדל ויתקדש שמיה רבה״. דער זין דערפון איז: פאַר אַלעם זאָל מען זעהן אַז עס זאָל קומען צו דער מדרגה פון „יתגדל״, ארץ ישראל זאָל גרויס ווערען און זיך פונאַנדער וואַקסען און נאָכדעם וועט שוין ממילא קומען דערצו אַז עס זאָל זיין „ויתקדש״. עס זאָל ווערען אידיש און הייליג. (רבי ר׳ מאיר שמחה ז״ל).

## דער חלום פון רבי חיים וויטאַל זצ״ל.

אין דעם דאָזיגען יאָר האָט זיך מיר געחלומט אַז איך שטיי אויף שפּיץ אַ באַרג און איך הער אַ קול וואָס איז מבשר און זאָגט:

אָט איז משיח געקומען. און אָט שטייט פאַר מיר משיח און בלאָזט שופר און טויזענטער אידען פאַרזאַמלען זיך און ער זאָגט צו אונז: קומט מיט מיר קיין ארץ־ישראל, וועט איהר זעהן די נקמה פון חורבן־המקדש. און מיר זענען מיט איהם געגאַנגען און ער האָט מלחמה געפירט און באַזיגט די פעלקער פון דאָרט און צו די אידען האָט ער געזאָגט: ברודער, רייניגט אייך אין דער בית־המקדש פון דער טומאה און לאָמיר צוריק אויפבויען דאָס בית המקדש און מקריב זיין דעם קרבן תמיד דורך דעם כוהן הגדול... נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען אַ ספר תורה פון היכל בית המקדש און דאָרט געלייענט — און איך האָב אויפגעכאַפּט פון שלאָף". (ספר החזיונות).

---

## ביאת המשיח און קבוץ־גליות.

דער סדר פון דער גאולה וועט זיין אויף פאָלגענדען אופן: צוערשט וועט משיח קומען. נאָכדעם וועט מען בויען דאָס בית־המקדש און ערשט דערנאָך וועט זיין קיבוץ־גליות. אויך אין פסוק איז אַזוי אָנגעדייטעט. עס שטייט: בונה ירושלים ד' און דערנאָך — נדחי ישראל יכנס. (רמב"ם הלכות מלכים פרק י"א).

---

## דריי באַדינגונגען.

„לביאת הארץ צריך שלשה דברים", כדי אַריינצוקומען אין לאַנד אַריין דאַרפען דורכגעפירט ווערען פאָלגענדע דריי זאַכען: ערשטנס הכנה לצאת מחוץ־לארץ, די ריכטיגע געהעריגע פאָרבערייטונג אַרויסצונעמען דעם גלות פון זיך און אַראָפּוואַרפען פון זיך אַלע גלות קייטען. „היציאה מן הגלות", דאָס עצם אַרויסגיין פון גלות און דאָס אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען כדי צו דערגרייכען דעם אידעאַל און „הביאה לארץ הקדושה", דאָס ענדליכע קומען אין הייליגען לאַנד און פיהלען דעם טעם פון איהר קדושה. (ווילנער גאון זצ"ל).

---

## אַ מערקווירדיגע תפלה.

דער גאון ר' אלעזר פלעקלעש ז"ל שטעלט זיך אָפּ אויף דער מערקווירדיגער און אונפאַרשטענדליכער שטעלע אין'ם סדר פון דער עבודה לויט'ן נוסח אשכנז וואָס מען זאָגט אום יום־כפור, נעמליך:

„וכך היתה תפלתו של כהן גדול ביום הכפורים בצאתו מבית קודש הקדשים וכו׳ שנת נבוא לבית מקדשנו, שנה שתוליכנו קוממיות לארצנו וכו׳. און דער גאון פרעגט: ווי קומט עס צו בעטען אַזאַ תפלה בשעת דאָס בית המקדש איז געווען על מכונו און אידען זענען געזעסען אין אייגענעם לאַנד? (רבי אליעזר פלעקלעש ז״ל).

---

## אַז מען באַרויבט די אידישע רעכט אויף ארץ־ישראל.

דאָס לאַנד וואָס ערלויבט זיך צו באַרויבען די אידישע רעכט אויף ארץ־ישראל איז עס נישט דיני דמלכותא, נאָר „גזלנותא דמל־כותא״. (הרב ר׳ אליעזר סילווער).

---

## „בדמייך חיי״.

באַלד ביים אָנהייב, ווי נאָר עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַ אידישע מדינה, האָט מען שוין געקעמפט געגען אידישען פאָלק און דאָס אידישע בלוט האָט זיך שוין געגאָסען ווי וואַסער. האָט דערויף איינער פון די גדולי הרבנים געזאָגט אין אַ רעדע: הגם דאָס אידישע פאָלק איז דאָס עלטסטע אין דער וועלט, דאָך איז עס איצט ווי אַ ניי געבוירען קינד. ביי אַ ניי געבוירענעם קינד ווערט געזאָגט „בדמייך חיי״, אַ דאַנק דעם בלוט וואָס ווערט אַ צינד פאַרגאָסען וועט דאָס ניי געבוירענע קינד, די יונגע אידישע מדינה לעבען, זיך ענטוויקלען און וואַקסען. (געהערט).

---

## די צוויי הרחמנ׳ס.

מערקווירדיג ווען דער איד זאָגט ביים בענטשען „הרחמן הוא יפרנסנו״, טוט ער אַלע התפעלות און ווענד אָן אַלע מעגליכקייטען צו מאַכען גוטע ביזנעס, דאַגעגען זאָגענדיג „הרחמן הוא ישבור עול הגלות מעל צוארנו ויוליכנו קוממיות לארצנו״, טוט ער פון זיין זייט גאָרנישט און פאַרלאָזט זיך אינגאַנצען אויף׳ן רבונו של עולם. (בדרך הלצה, פון אַ רב).

---

# מעשיות און לעגענדעס

## אין אויפבוי פון ארץ־ישראל דאַרף יעדער האָבען אַ חלק.

פאַראַן א לעגענדע: ווען שלמה המלך האָט געוואָלט אויפבויען דאָס בית־המקדש, האָט זיך צו איהם אין חלום באַוויזען אַ מלאך פון הימעל און איהם געזאָגט: זאָלסט וויסען, שלמה, אז אין דעם בנין בית־המקדש מוזען אַלע אידען האָבען אַ חלק און יעדער דאַרף געבען זיין אנטייל. שלמה המלך האָט גערופען אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע קלאַסען אידען. עס האָבען דאָרט אנטייל גענומען די חשוב׳סטע אַריסטאָ־קראַטען און פירשטען, די כוהנים און לוויים און אויך אָרימעלייט און בעלי־מלאכה וועלכע אַרבייטען שווער און ביטער אויף דעם שטיקעל ברויט. שלמה המלך האָט איינגעטיילט יעדען זיין חלק אין דער אַרבייט. יעדענס טעטיקייט איז געווען צוגעפּאַסט לויט זיין טאַלענט און אייגעשטאַפּט. און — ווי די לעגענדע דערציילט — האָט זיך גראַד אַזוי געמאַכט אַז דער אויפבוי פון דער „כותל המערבי״ איז אויסגעפאַלען אויפ׳ן חלק פון די אָרימעלייט און געוועגדליכע בעלי־מלאכה. (לעגענדע).

---

### דער „חג אליהו הנביא״.

אין חיפה אויפ׳ן הר־הכרמל ווערט יעדעס יאָר פרייטיג ערב „שבת נחמו״ געפייערט אַן אייגענאַרטיגער יום־טוב וואָס איז פאַרבונדען מיט׳ן נאָמען פון „אליהו הנביא״. דאָרט איז פאַראַן אַ גרויסע הייל וואָס רופט זיך „מערת אליהו״, וואָס לויט דער טראַדיציע איז דאָס געווען דער פלאַץ וואו אליהו הנביא האָט געפירט זיין הייליגען קאַמף געגען די פאַלשע נביאים. דער דאָזיגער הייל איז געוואָרען אַ צענטער פאַר גייסטיג־קראַנקע און משוגעים, וועלכע ווערען דאָרט געגעזען. נאָכדעם ווי זיי ווערען איינגעשלאָסען עטלעכע טעג, גלויבט מען, גייען זיי אַרום פולשטענדיג אויסקורירט. מען נעמט אָן, אַז די פאַרבינדונג פון שבת נחמו מיט אליהו הנביא נעמט זיך דערפון, וואָס ביידע שטעלען זיי מיט זיך פאַר מאָמענטען פון אידישע גאולה. „שבת נחמו״ אַלס די טרייסט אַז נאָך די טרויעריגע דריי וואָכען וועט קומען די צוקונפטיגע גאולה און „אליהו הנביא״ אַלס דער אָנזאָגער פאַר די טעג פון ביאת־המשיח. ציען טאָקע אין דאָזיגען ערב שבת מחנות פון טויזענטער און טויזענטער פּראָצעסיעס פון יונג און אַלט פון די ווייטסטע ערטער. די מערהייט פון די באַזוכער זענען ספרדישע און

תימ׳נער אידען. מען פֿאַרברענגט דאָרט אין אַ יום־טוב׳דיגער שטימונג טאַנצענדיג און זינגענדיג און מיט דער האָפֿנונג אַז די גאולה שלמה וועט זיך באַלד דערנענטערען. (א״י מעשה).

---

## דער באַהאַלטענער זקן פון ירושלים.

ווען ירושלים איז חרוב געוואָרען דורך טיטוס הרשע, זענען זיינע לעגיאָנערען געגאַנגען באַרויבען די שטאָט. דער אָנפֿירער זייערער איז געווען דער פירסט סידרוס פון רוים. צווישען די באַרויבטע פּלעצער האָט זיך אויך געפונען אַ שייך, פּראַכטפול הויז אין ירושלים, זיי האָבען פון דאָרט צוגענומען דאָס בעסטע און דאָס שענסטע וואָס איז דאָרט געווען. וועלענדיג אַרויס פון דעם הויז האָט דער פירסט סידרוס באַמערקט אַז אין איין וואַנט איז עטוואָס פֿאַרשטעקט וואָס קיין מענשליך אויג זאָל עס אויסערלעך נישט באַמערקען. דער פירסט האָט צוגעלייגט זיין האַנד צו דער וואַנד, באַרירענדיג די וואַנט האָט זיך פלוצים די טיר אַן עפען געגעבען און עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר איר אַ קליין צימערל מיט פיל ספרים, תורה, נביאים און כתובים, ספרים וואָס דערציילען די געשיכטע פון אידישען פאָלק און פון אַנדערע פעלקער. און עסען און טרינקען און אַלטער וויין איז דאָרט געווען און אַן אַלטער מאַן איז געזעסען פֿאַרטיפט ביי די ספרים. דער פירסט איז געבליבען שטאַרק ערשטוינט, איז צוגעגאַנגען צום זקן און איהם געפרעגט ער זאָל איהם זאָגען באַשייד פון זיין זיצען אַליין אין אַזאַ פֿאַרשטעקט אָרט. דערביי האָט ער איהם פאַרזיכערט אַז ער וועט איהם נישט טשעפּען אויב ער וועט איהם נאָר זאָגען דעם אמת.

דערויף האָט איהם דער אַלטער מאַן געענפערט: מיט מיינע אויגען האָב איך שוין צוגעזען ווי ירושלים איז צווימאָל חרוב געוואָרען, וועלענדיג זיך ראַטעווען דאָס לעבען האָב איך מיר אויפגעבויט דאָס חדר׳ל, אפשר וועל איך אַזוי אַרום ניצול ווערען. די פראַכטפולע געשטאַלט פונ׳ם זקן און די ערנסטקייט פון זיין אויסדרוק איז שטאַרק געפעלען דעם רוימישען פירסט.

דער פירסט האָט דאַן גענומען דעם אלטען פאַר׳ן האַנד און זיי האָבען זיך צוזאַמען געלאָזט אין וועג אַריין. זיי זענען געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און פון מדינה צו מדינה ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין שפּאַניען. במשך זייער זיין צוזאַמען אַ לענגערע צייט, און שמועסענדיג צווישען זיך וועגען פֿאַרשידענע ענינים האָט דער פירסט זיך איבער־

ציגט אַז דער זקן איז נישט קיין פשוט׳ער, פּראָסטער מענטש, איז אָנגעזאַפּט מיט אַ סך וויסענשאַפט און באַזיצט אַ סך לעבענס־חכמה. דער פירסט האָט איהם גרויס געמאַכט און איהם געגעבען אַ הויכען טיטול, האָט געהייסען אויפבויען אַ שיין הויז פאַר איהם און דאָרט אריינגעגעבען אַסך ספרים. — דאס הויז וואָס איז אויפגעבויט פאַר דעם זקן און דער שטאָט סיוויליע, שפּאַניען, שטייט נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג. דער פירסט צוזאַמען מיט׳ן זקן האָבען דאָרט אויפגעשריבען די גאַנצע געשיכטע פון אַלע פעלקער אין אַלע דורות ביז ימות המשיח. (הקדמה, ספר הישר).

---

## אַ שטיין פון בית־המקדש.

אין דער וואַנט פון אַלטען בית־הכנסת אין דער שטאָט פּראַג געפינט זיך אַ שטיין פון בית־המקדש. ווען אידען זענען פאַרטריבען געוואָרען פון ירושלים אין גלות אַריין, האָבען זיי פון גרויס ליבשאַפט צום הייליגען לאַנד, מיטגענומען אַ שטיין פון בית־המקדש, און אויפ־בויענדיג דעם ערשטען בית־הכנסת אין פּראַג האָבען זיי אָט דעם שטיין איינגעמויערט אין דער וואַנט פון דער אַזוי גערופענער אַלט־ניי־שול. (ספרים נחמדים).

---

## באַגראָבען שטייענדיגערהייט.

נעבען טבריה איז פאַראַן אַ ציון, וועמענס שטיינער זענען אויפ־געשטעלט אין דער פאָרם פון אַ שטייענדיגען מענטש. מען איז דאָרט מתפלל טאָג און נאַכט און אידען קומען דאָרט אַהין אויסגיסען זייער ביטער האַרץ. מען דערציילט: אַז דאָרט איז נקבר געוואָרען איינער מיט׳ן נאָמען רבי מאיר, וועלכער האָט געשוואָרען אַז ער וועט קיינמאָל נישט זיצען ביז משיח וועט קומען. און אַזוי איז ער שטייענדיגערהייט באַגראָבען געוואָרען. (שבחי ירושלים).

---

## דעם רמב״ם׳ס ארון

ווען די אידען האָבען געפירט דעם ארון פונ׳ם רמב״ם פון מצרים קיין ארץ־ישראל, זענען זיי אויף׳ן וועג באַפאַלען געוואָרען דורך גזלנים. פון גרויס פּחד האָבען די אידען געלאָזט שטיין דעם ארון אין מיטען וועג און זענען אַנטלויפען. די גזלנים, וועלכע זענען

באַשטאַנען פון דרייסיג מאַן, זענען געווען שטאַרקע גבורים. זיי האָבן געפּרופּט שלעפּן דעם ארון, אָבער דער ארון האָט זיך פון פּלאַץ נישט גערירט. די גזלנים האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָס מוז אוודאי זיין אַ הייליגער, געטליכער מאַן, האָבן זיי נאָכגעשריגען צו די אַנטלאָפענע אידען, אַז זיי זאָלען צוריקקומען און זיי פאַרזיכערט אַז מען וועט זיי ניט טשעפּען. די אידען זענען צוריקגעקומען אויף דער פּלאַץ וואו דער ארון איז געשטאַנען, איהם געברענגט קיין טבריה און אויך די גזלנים האָבן איהם באַגלייט. דער קבר פון רמב״ם געפינט זיך אין טבריה ביז צום היינטיגען טאָג. (שבט יהודא).

---

## די וואונדערליכע מעשה פון אר״י מיט זיינע תלמידים.

איינמאָל האָט פּאַסירט: אין צפת ערב שבת איז דער אר״י הקדוש אַרויסגעגאַנגען מיט זיינע תלמידים אין פעלד אַריין כדי דאָרט מקבל שבת צו זיין. זייענדיג אָנגעטאָן אין ווייסע קליינער האָט ער אין פעלד אָנגעהויבען צו זינגען מיט האַרציגען ניגון „מזמור שיר ליום השבת״. אינמיטן זינגען האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיינע תלמידים: חברים, ווילט איהר אַז מ׳יר זאָלען געהן קיין ירושלים און דאָרט פּראַווען שבת? ירושלים איז ווייט פון צפת 25 מייל. האָבן אַ טייל תלמידים געענטפערט: מיר וועלען זיך פריהער באַראַטען מיט אונזערע פרויען. ווען דער אר״י הקדוש האָט דאָס געהערט, האָט ער אַ גרויסען ציטער געטאָן, געקלאַפּט האַנט אָן האַנט און געזאָגט: וועה צו אונז, מיר האָבן נישט געהאַט קיין זכות אויסגעלייזט צו ווערען; ווען איהר וואָלט געווען געזאָגט מיט אַ גאַנץ מ׳ייל אַז איהר ווילט געהן מיט שמחה, וואָלטען אַלע אידען געווען אויסגעלייזט געוואָרען. אַצינד איז געווען די צייט פון דער גאולה, און ווייל איהר האָט געצעגערט איז געוואָרען צוריק גלות, בעוונותינו הרבים. (שבחי האר״י).

---

## די לעגענדע וועגען אָרט פון בית־המקדש.

צוויי ברודער האָבען געלעבט אין ירושלים. איינער האָט געהאַט אַ פרוי מיט קינדער און דער אַנדערער איז געווען אַן אַלמן און קינדערלאָז. ביידע האָבען געוואוינט צוזאַמען און געהאַט צו שטיקלעך אַקער און פעלד, וועלכעס זיי האָבען צוזאַמען באַאַרבייט מיט׳ן שוויס פון זייער פּנים. ווען עס איז געקומען די צייט פון שניט, האָבען ביידע ברודער געלאָזט אין פעלד די געשניטענע תבואה און געמאַכט דערפון ביטלעך. איינמאָל ביינאַכט, ווען דער קינדערלאָזער ברודער איז

געלעגען ביי זיך אין צימער אַ פאַראייניזאַמטער האָט ער זיך געטראַכט: איך בין איינער אַליין אָהן פאַמיליע, פאַרוואָס זאָל איך האָבען אַ גלייך חלק מיט מיין ברודער וועלכער האָט אַ גאַנצע פאַמיליע מפרנס צו זיין? איז ער געגאַנגען שטילערהייט ביינאַכט אויפן פעלד און אַוועקגעלייגט פון זיין תבואה אין דעם בינטעל תבואה פון זיין ברודער. ער האָט דאָס אַלץ געמאַכט אויף אַ פאַרבאָרגענעם אופן דער ברודער זאָל נישט וויסען דערפון. דער אַנדערער ברודער, ווידער, קומענדיג אַהיים ביינאַכט אַ מידער פון ד׳ער אַרבייט, איז אַנידערגעפאַלען אַ פאַמאַטערטער אויפ׳ן געלעגער, און זיך געטראַכט: מיין גורל איז אַ בעסערער ווי דער שיקזאל פון מיין ברודער, איך האָב אַ פרוי און קינדער וועלכע ברענגען אַריין פרייד אין מיין אומעטיג לעבען און מיין ברודער איז נעבעך איינזאַם, האָט נישט קיין שמחה אין זיין האַרץ און זיין איינציגע פרייד איז פון דעם ביסעל תבואה וואָס ער באַקומט אַרויס בזעת אפים פון זיין חלק פעלד. קום — זאָגט ער צו זיין פרוי — לאָמיר אַריינלייגען פון אונזער אייגענע תבואה אין דעם בינטעל פון אונזער ברודער ער זאָל נישט דערקענען און זאָל ער האָטש האָבען פון דעם אַביסעל פרייד. עס איז געקומען אינדערפרי, ווען ביידע ברידער זענען געגאַנגען אין פעלד אַריין צו דער אַרבייט, האָבען זיי ביידע גלייכצייטיג באַמערקט אַז עס פעלט גאָרנישט פון זייערע חלקים און ביידענס חלקים זענען גלייך. זיי האָבען די זאַך אויסגעפאָרשט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען דער גאַנצער אמת. די ביידע ברידער האָבען זיך אַרומגעארמט, זיך געהאַלדזט און געקושט. און — ווי די לעגענדע דערציילט — האָט ג־ט געוואָלט דאָס דאָזיגע אָרט וואו די ברידער האָבען געהאַט די גוטע כוונה און געוואָלט טאָן די גוטע טאַט. השם יתברך האָט אַריינגעגעבען אַ מחשבה אין די הערצער פון די אידען, זיי זאָלען אויסוועהלען דאָס דאָזיגע פלאַץ פאַר׳ן בית־המקדש. (לעגענדע).

---

## ר׳ יהודה הלוי׳ס טויט.

די חראָניקער דערציילען: פופציג יאָר איז רבי יהודה הלוי אַלט געוועזען ווען ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל דורכמאַכענדיג די שווערסטע וואָגלענישען ווי עס איז צו זעהן פון זיינע פיוטים. אַן אַלטער מאַן האָט דערציילט, אַז קומענדיג צו די טויערען פון ירושלים, האָט ער צעריסען זיינע קליידער און געגאַנגען באָרוועס אויף דער ערד, געזאָגט די קינה וואָס ער האָט געשאַפען „ציון הלא תשאלי" מיט גרויס דבקות. אַ טערק איז אַרויף געריטען אויף איהם מיט זיין

פערד, צוטראָטעט זיין הייליגען גוף און געהרג'ט דעם גרויסען אידישען משורר. אָט אַזוי האָט ציון'ס גרעסטער בענקער קושענדיג די שטיינער פון ארץ־ישראל אויסגעהויכט זיין גרויסע נשמה. (שלשלת הקבלה).

## דאָס ארץ־ישראל־בלעטעל.

פאַראַן אַ לעגענדע: אַ ריטער האָט אַמאָל געבראַכט פאַר רש"י הקדוש אלס מתנה אַ פאָרטריקענט, פאַרדאַרט ארץ־ישראל־בלעטעל. רש"י האָט דאָס בלעטער געקושט און באַגאָסען מיט הייסע טרערען און — דאָס בלעטער האָט אָנגעהויבען בליען.

## די פאַראייניגונג פון ספר מיט דער שווערד.

פאַראַן אַן אַלטע אגדה: די גענעראַלען און קריגספירער פון די שכנישע לענדער פון ארץ־ישראל האָבען געהערט, אַז אין לאַנד יהודה איז דאָ אַ קעניג און סטראַטעג און זיין נאָמען איז דוד. האָבען זיי באַשלאָסען צופאָרען זעהן דעם דאָזיגען אינטערעסאַנטען קעניג. זיי האָבען דערגרייכט צום פּאַלאַץ פון דער קעניגליכער רעזידענץ אין ירושלים און האָבען געטראָפען דוד המלך גראָד אין אַ מאָמענט ווען ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל און מיט גרויס דבקות געזאָגט תהלים. האָבען די גענעראַלען געזאָגט איינער צום אַנדערען: אַ מערק־ווירדיגער קריגספירער איז דאָס אָט דער דוד. מען זעהט נישט אויף איהם נישט קיין שווערד און ביקס, קיין פאַנצער, ער שטייט גאָר אין אַ ווינקעל און גיסט אויס זיין האַרץ אין פרומע תפילות? מערקוויר־דיג! אין דער זעלבער צייט האָבען פרומע אידען פון ווייטע מקומות פון אידישען לאַנד געהערט אז אין ירושלים געפינט זיך דער קעניג דוד און אַז ער איז אַ ג־ט'ס פאַרכטיגער מאַן און איז דער פאַרפאַסער פון האַרציגע תהלים?געזאַנגען. די פרומע אידען האָבען זיך געלאָזט אויף אַ באַזוך קיין ירושלים צום קעניג. אָנקומענדיג אַהין האָבען זיי באַגעגענט דוד המלך ביי דער שוועל פון פּאַלאַץ, גייענדיג קעמפען געגען די אידישע שונאים. זיין קערפּער איז געווען באַפּאַנצערט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט אַ ביקס אויף דער אַקסעל און אַ שווערד ביי דער זייט, און זיי האָבען געזאָגט איינער צום אַנדערען: אַזעלכער איז דאָס דער פאַרפאַסער פון די הייליגע תהלים־געזאַנגען? (אַן אגדה). דאָס איז דער זין פון פסוק אין תהלים: „ישיחו בי יושבי שער ונגינות שותי שכר".ביידע רעדען וועגען מיר — זאָגט דוד — סיי די „יושבי

שער", די וואָס קומען פון די הויכע ספערען, און סיי די „שותי שכר",
די ביער טרינקער און פראָסטע מענטשען.

---

## דער וואונדער ביים קבר פון דוד המלך.

פאַראַן אַ לעגענדע, אַ פרוי, אַן אלמנה פון מאַראָקאָ, איז געווען שולדיג אַ סך חובות און די בעלי־חובות האָבען זי שטאַרק געמוטשעט זי זאָל אַלעס באַצאַלען. איז זי געגאַנגען צום רב ירושלים זיך שואל עצה זיין. דער רב האָט איהר געגעבען אַן עצה זי זאָל גיין צום קבר פון דוד המלך און בעטען ער זאָל איהר העלפען. שטייענדיג ביים קבר האָט זי דערפילט אַז אַ האַנד גיט איהר אַ ציה ביים אַרבעל. זי האָט זיך אויסגעדרייט און פאַר איהר איז ערשינען אַ וואונדערליכער פאַטרי־אַרכאַלישער זקן, וועלכער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד צו איהר און איהר געגעבען אַ סך געלד און טייער צירונג. (א"י לעגענדע).

---

## די דריי זקנים.

אַ אידישער זעלנער וואָס איז צוריקגעקומען אַהיים פון פראָנט אין נגב וואו ער האָט געקעמפט מיט די אידישע שונאים, האָט דערציילט פאָלגענדע פאַנטאַסטישע געשיכטע: „צוואַנציג זענען מיר געווען קעגען אַ גרויסע צאָל פון עגיפּטישען מיליטער. דריי פון אונז זענען געפאַלען טויט. געבליבען זענען מיר זיבעצען אין צאָל. פלוצים האָבען מיר דערזעהן פון דערווייטענס אַז די עגיפּטער האָבען אויפגעהייבען אַ ווייסע פאָן אַלס צייכען אַז זיי געבען זיך אונטער אַלס געפאַנגענע. מיר האָבען זיך דערנענטערט צו זיי און נאָך אַן אַפּיציעלען ווערטער־אויסטויש, האָט זייער קאָמאַנדיר אונז אַ פרעג געטאָן: „וואו זענען אייערע דריי אַלטע אַנפירער?" „וועלכע אַלטע מיינט איהר?" האָבען מיר מיט ערשטוינונג געפרעגט — פון דעם געשפרעך וואָס מיר האָבען פאַרפירט מיט דעם עגיפּטישען קאָמאַנדיר האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די אַנפירער פון די אידישע העלדען זענען געווען דריי אַלטע לייט, וועלכע האָבען אַזוי געשאָסען אַז פון יעדער קויל זייערער זענען געפאַלען צעהן עגיפּטישע סאָלדאַטען. די עגיפּטער האָבען ניט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען. און דער אידישער זעלנער האָט פאַרענדיגט: איך בין נישט פון די גרויסע מאמינים, אָבער דאַסמאָל בין איך איבערצייגט אז די דריי אַלטע לייט זענען געווען אונזערע אָבות,

אברהם יצחק און יעקב וואָס האָבען געוואוינט אין דער דאָזיגער געגענט. (געהערט).

---

## די לעגענדע וועגען דער כותל מערבי.

אין נאָמען פון רבי משה חאגיז ווערט דערציילט די לעגענדע ווי אַזוי די כותל מערבי איז אַנטדעקט געוואָרען.

אין ירושלים האָט געהערשט אין יאָר רמ״ח דער סולטאַן סאַלים. ער האָט געוואוינט נאָענט פון בית־המקדש, וואו עס געפינט זיך היינט דער מוסולמענישער מעטשעט. אַרויסקוקענדיג דורך׳ן פענסטער, האָט דער סולטאַן באַמערקט אַן אַלטע פרוי שלעפּט אַ זאַק מיט מיסט און וואַרפט על אַוועק נעבען זיין הויז. דער סולטאַן איז געוועזן שטאַרק אויפגערעגט דערויף וואָס מען האָט אויסגעקליבען אַ פּלאַץ צו וואַרפען מיסט גראַד דאָרט וואו ער וואוינט און ער האָט באַלד געלאָזט רופען די פרוי צו זיך. די פרוי האָט דעם סולטאַן דערציילט, אַז זי איז אַ גלייביגע קריסטין פון רוים און עס איז ביי זיי אַנגעפירט פון קדמונים אַ מנהג צו וואַרפען מיסט אויף דעם אָרט וואו דאָס בית־המקדש איז געשטאַנען, ווייל עס האָט זיך נישט איינגעגעבען אינגאַנצען חרוב צו מאַכען דאָס בית־המקדש, דעריבער האָט מען איינגעפירט, אַז יעדער גלייביגער קריסט זאָל דאָ וואַרפען מיסט ביז וואַנען עס זאָל פאַרגעסען ווערען אַז אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ איז געשטאַנען דאָס הייליגע הויז.

דער סולטאַן האָט דורכ׳ן פענסטער געזעהן אַז אויך אַנדערע מענטשען קומען צוגיין און וואַרפען מיסט אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ. שיקענדיג נאָך זיי האָט ער אויך פון זיי געהערט די זעלבע אורזאַך. דער סולטאַן האָט אַרויסגענומען פון זיין שאַץ־קאַמער גאַנצע זעק מיט געלד און עס צעוואַרפען אויף דעם אָרט וואו דאָס מיסט איז געלעגען באַלד זענען זיך צוזאַמענגעלאָפען אַלע אָרימע לייט פון שטאָט און צונייפגעקליבען דאָס געלד און ממילא איז דאָס מיסט אָפּגערוימט געוואָרען. אַז די מוסולמענער האָט געזעהן אַז דער הערשער אַליין העלפט אַוועקשאַרען דאָס מיסט, האָבען זיי אַלע גענומען אייזענס און געהאָלפען ריין מאַכען דאָס פּלאַץ פון דעם אַנגעוואָרפענעם מיסט. די דאָזיגע אַרבייט האָט געדויערט דרייסיג טעג און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַרויס צו ווייזען דער כותל מערבי.

דער סולטאַן סאַלים האָט באַלד געשיקט רופען די אידען און זיי געזאָגט: מען זעהט אַז עס איז גאָט׳ס ווילען אַז דער כותל זאָל דורך מיר אַנטדעקט ווערען, איך שענק אייך דעמכותל, נעמט און בויט אויף דעם פּלאַץ אייער בית־המקדש. דערויף האָבען איהם די אידען געענ־

פערט: מיר דאַנקען אייך זעהר, ווירדיגער סולטאַן, פאַר אייער גוטען ווילען, אָבער לײדער קענען מיר נישט אָננעמען אייער פאָרשלאג און מיר ווען דאָס בית המקדש נישט אויפבויען, ווייל מיר האָפען און גלויבען, אַז דער בית־המקדש וועט אויפגעשטעלט ווערען פון ג־ט אַליין. (לעגענדע).

## ער קאָן די איינלאַדונג נישט אָננעמען.

רבי שמואל מוהיליווער ז"ל איז אַמאָל געקומען קיין קאָוונע צו רבי יצחק אלחנן ז"ל. נאָך אַ לענגערען שמועס איז באַשלאָסען געוואָרען אַז עס זאָל פאַרקומען ביים קאָוונער רב אין הויז אַ גרויסע באַראַטונג פון גדולי ישראל וועגען ארץ־ישראל. ווען עס איז געקומען דער באַשטימטער טערמין, אין דער סאַמע לעצטער מינוט, האָט רבי יצחק אלחנן אונטערן איינפלוס פון זיינס אַ מקורב, וועלכער איז געווען געגנעריש געשטימט פאַר דער חיבת־ציון באַוועגונג, געשיקט אַ שליח מיוחד צו רבי שמואל מוהיליווער און איהם געלאָזט וויסען, אַז „צוליב אַ נישט פאָראויסגעזעענער סיבה קאָן די פאַרזאַמלונג נישט צושטאַנד קומען ביי איהם אין הויז". צומאָרגענס האָט רבי יצחק אלחנן אָפּגעשטאַטעט אַ באַזוך ביי ר' שמואל מוהיליווער און איהם פאַרבעטען צו זיך אויף שבת. ביי מיין בעסטען ווילען — האָט דער מוהיליווער רב מיט אַ שמייכעל אַ זאָג געטאָן — קאָן איך נישט אָננעמען אייער איינלאַדונג צו זיין אייער גאַסט אויף שבת, פּשוט דערפאַר, ווייל אין דער אכסניה וואו איך בין מוז פריער יעדע מאָלצייט באַשטעלען און אויב איך וועט אָננעמען אייער ביטע צו זיין ביי אייך אויף שבת און זיך דערויף סומך זיין, קאָן נאָך געמאָלט זיין אין דער לעצטער רגע זאָלט איהר מיר צושיקען אַ שליח און מיר מודיע זיין אַז „צוליב אַ סיבה וואָס איז נישט געווען פאָראויס געזעהן, קענט איהר נישט זיין מיין גאַסט ביי די שבת'דיגע סעודות". (דערציילט פון רבי יצחק נויסבוים ז"ל).

## אַ פאַלק וואָס טרויערט אַזוי לאַנג קאָן נישט אונטערגיין.

עס ווערט דערציילט: דער גרויסער פראַנצויזישער אימפעראַטאָר נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט איז אַמאָל געראַד אום תשעה־באב דורכגעפאָרען אַ אידיש שטעטעל. האָבען איהם זיינע פריינד געראַטען ער זאָל גיין באַזוכען אַ אידישע שול און צוזעהן דאָס בילד וואו אידען זיצען געבויגענע אויף דער ערד און זאָגען קינות מיט גרויס געוויין. ווען

נאַפּאָלעאָן איז אַריין אין שול און געזעהן דאָס דאָזיגע טרויעריגע בילד, האָט ער געבעטען די אַרומיגע מען זאָל איהם ערקלערען די סיבה פון דעם שרעקלעכען טרויער, דערויף האָט מען איהם געגעבען צו פאַרשטיין אַז דאָס טרויען און וויינען די אידען יאָר־יערלעך אויף דעם חורבן פון זייער לאַנד, וואָס מען האָט קרוב מיט צוויי טויזענט יאָר צוריק חרוב געמאַכט. די דאָזיגע ערקלערונג האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף דעם פראַנצויזישען אימפּעראַטאָר, אַז ער האָט זיך אויסגעריקט: אַ פאָלק וואָס האָט אין זיך דעם נאַציאָנאַלען שטאָלץ צו קענען טרויערען און גיסען טרערען אויף דער פאַרניכטונג פון זיין לאַנד אין משך פון גאַנצע צוויי טויזענט יאָר, אַזאַ פאָלק האָט די זיכערסטע גאַראַנטיע אַז עס וועט נישט אונטערגיין און אז עס וועט ענדליך זיין געהאָפּט לאַנד צוריק באַקומען. (געשיכטע).

---

## „אַ צוואַנג דאַרף מען האָבען צו אייך".

די חובבי ציון האָבען אַמאָל גערופען קיין מאָסקווא אַ גרויסע אסיפה וועגען ישוב ארץ־ישראל צו וועלכער זיי האָבען איינגעלאַדענט אויך דעם באַוואוסטען קאָמעניצער מגיד, וועלכער איז געוועזן באַקאַנט מיט זיין אריכות אין די דרשות. אין דער דאָזיגער אסיפה האָבען אויך אַנטייל גענומען דער מאָסקוער רב, ר' מאיר נח, און דער מטיף הרב צבי יהודה יעווזעראָוו ז"ל. דער ערשטער רעדנער איז געוועזן דער מאָסקוער רבי וועלכער האָט אַרומגערעדט אין אַ לאַנגער צעצויגענער דרשה דאָס ענין פון גלות און גאולה, נאָכדעם האָט באַקומען דאָס וואָרט דער מטיף יעווזעראָוו, וועלכער האָט אין אַ רעדע וואָס האָט געדויערט אַ היפּשע פאַר שעה, זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וויכטי־קייט פון ישוב און בנין הארץ. ווען עס איז געקומען די צייט ווען דער קאָמעניצער מגיד האָט געדאַרפט נעמען דאָס וואָרט, האָט דער עולם אין זאַל, זענעדיג מיד פון אזויפיל אויסגעהערטע רעדעס, אָנגעהויבען שטילערהייט צו זיפצען. דער מגיד וועלכער האָט פאַר־שטאַנען דעם רמז פון דעם דאָזיגען זיפץ, האָט זיך געווענדעט צו דעם עולם און ערקלערט: רבותי, כ'בעט אייך, האָט קיין פאַרדרוס נישט. דאָס היינטיגע מאָל וועל איך אייך נישט אויפהאַלטען מיט קיין לאַנגע דרשות, איך וועל אייך נאָר דערציילען אַ מעשה וואָס איז זיך פאַרלויפען און מעשה שיהיה כך היה: אַ איד האָט אַמאָל געליטען שטאַרקע צאָן־ווייטאָג איז ער אַוועק צו אַ באַרימטען פּראָפעסאָר. דער פּראָפעסאָר, אַנשטאָט איהם צו קורירען די קראַנקע ציין, האָט פאַר איהם געהאַלטען אַ גאַנצע וויסענשאַפטלעכע לעקציע וועגען דער

ענטוויקלונג פון די ציין אין מויל, וועגען דער סיבה וואָס רופט אַרויס זייער קראַנקהייט און ווי אַזוי מען דאַרף זיי האַלטען אין אָרדנונג. דער פּראָפעסאָר האָט גענומען באַצאָלט פאַר דעם וויזיט און דער איד איז אַוועק אַהיים. קומענדיג אַהיים האָבען די צאָן־שמערצען זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. די לעקציע האָט נישט געווירקט און דער קראַנקער האָט זיך געוואַלגערט פון יסורים. איז ער צומאָר־גענס געגאַנגען צו אַ געווענדלעכען דאָקטאָר, וועלכער האָט איהם פאַרשריבען פאַרשידענע רעצעפּטען. אָבער אויך די רעצעפּטען האָבען נישט געהאָלפען. די ציין־ווייטאָג האָט כסדר אָנגעהאַלטען. מיט אַ טאָג שפּעטער איז דער איד אַוועק צו אַ פּשוט׳ן פּראָסטען פעלשער. דער דאָזיגער איינפאַכער פעלשער האָט פאַר איהם נישט געהאַלטען קיין וויסענשאַפטלעכע לעקציעס, נישט פאַרשריבען קיין רעצעפּטען, נאָר גענומען אַ צוואַנג, אַרויסגעריסען דעם קראַנקען צאָן און דער איד האָט ערשט אָפּגעאָטעמט. די זעלבע זאַך — האָט דער מגיד פאַרענדיגט — איז אויך מיט׳ן פאָלק ישראל. דאָס פאָלק מאַטערט זיך כסדר פון אַ „קראַנקען צאָן" וואָס רופט זיך „גלות". האָט דער „פּראָפעסאָר", דער מאָסקווער רב פאַר אייך אַוועקגעלייגט אַ לאַנגע לעקציע וועגען די סיבות, גורמים און באַדינגונגען פון גלות. אָבער דערפון קאָן דער קראַנקער אַלץ נישט געזונד ווערען. דערנאָך איז געקומען דער „דאָקטאָר", דער מטיף יעווזעראָוו און פאַרשריבען רעצעפּטען ווי אַזוי צו באַזייטיגען דעם גלות, אָבער אויך דאָס העלפט וועניג. איצט בין איך געקומען. איך בין נישט קיין פּראָפעסאָר, קיין דאָקטאָר אַ פּראָסטער, פּשוטער פעלשער בין איך... און דאָס וואָס מען דאַרף צו אייך אידען — האָט ער געקלאַפּט אין טיש אַריין — איז אַ צוואַנג! די קראַנקע ציין דאַרף מען אייך אַרויסרייסען! געלד דאַרפט איהר געבען! געלד אויסצולייזען ארץ ישראל, געלד אויף אויפצובויען אונזער אויסגעבענקט לאַנד.

---

## אברהם אבינו קומט צום מנין.

אין דער שטאָט חברון איז פאַרצייטענס פאָרגעקומען פאָלגענדע וואונדערליכע מעשה: זעהר וועניג אידען זענען דאָרט געווען, קוים אַ מנין; די דאָרטיגע איינוואוינער זענען באַשטאַנען פון בלויז תלמידי חכמים, צדיקים און אנשי־מעשה און באַזונדערס איז ביי זיי טייער געווען די מצווה פון הכנסת־אורחים, אַזוי טייער אַז אויב ס׳איז אַמאָל געקומען צו זיי אַן אורח, האָט זיך באַלד ענטוויקעלט אַ מחלוקת צווישען זיי, דער האָט געזאָגט איך וויל איהם האָבען פאַר אַ גאַסט און דער

אַנדערער האָט געזאָגט איך וויל ער זאָל זיצען ביי מיין טיש. איינמאָל, אום יום־כפור, האָט אויסגעפעהלט אַ צענטער מאָן צום מנין. דער צער זייער איז געווען זעהר גרויס. זיי האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַלע עקען וועגען, אָבער זיי האָבען קיינעם נישט באַגעגענט. איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען און ס'איז שוין באַלד געוואָרען נאַכט האָבען זיי פּלוצים דערזעהן אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער, ווייסער באַזילבערטער באָרד, איינגעוויקעלט אין צעריסענע קליידער מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע, געבויגען און דרייען ווי דער שטייגער פון אַן אָרימען־וואַנדערער. זיי זענען איהם אַקעגען געלאָפען מיט גרויס שמחה און איהם דערלאַנגט שלום. זיי האָבען איהם אַריינגענומען אין הויז, מאכיל ומשקה געווען. דער גאַסט האָט איילענדיג אויפגעגעסען די ערב־יום־כפור'דיגע סעודה און צוזאַמען מיט זיי געגאַנגען דאַווענען. נאָכדעם ווי זיי האָבען אָנגעטאָן שיינע ווייסע קליידער, האָבען זיי איהם געפרעגט וועגען זיין נאָמען. דערויף האָט זיי דער גאַסט געענטפערט: מיין נאָמען איז — אברהם. (שערי־ירושלים).

---

## מען דאַרף נישט דוחה זיין דעם קץ.

פּאַרצייטענס, האָט אַמאָל פּאַסירט אַז אין ירושלים איז ניט געגאַנגען קיין רעגען אין משך פון אַסך חדשים, מען האָט געפאַסט, מתפלל געווען און זיך משתטח געווען אויף די קברים פון די צדיקים און דאָך האָט מען פון הימעל אַלץ נישט געהאָלפען. האָבען די אידען געבעטען דעם פּאַשאַ ער זאָל געבען דעם שליסעל פון דער מערת־המכפלה וואו עס ליגען די אבות, וועלען זיי בעטען די „ישני חברון" וועגען רעגען. באַלד האָט דער פּאַשאַ זיי איבערגעגעבען דעם שליסעל פון דער מערת־המכפלה. די אידען האָבען אויסגעקליבען די צעהן חשובסטע לייט, גרויסע תלמידי חכמים, בעלי קבלה און אנשי מעשה און זיי זענען געגאַנגען קיין חברון און אַריינגעקומען אין דער מערת־המכפלה. צוערשט זענען זיי אַראָפּ פינף טרעפּ און האָבען געזאָגט דעם ערשטען ספר תהלים מיט גרויס כוונה און ביטער געוויין, באַלד דערנאָך האָבען זיי אַרויסגעשיקט דעם שמש צו זעהן אויב דער הימעל איז שוין עפּעס פאַרוואָלקענט. דער שמש איז צוריקגעקומען מיט דער תשובה, אַז די זון שיינט אין איהר פולער פּראַכט און מען זעהט ניט אויף'ן הימעל קיין איין וואָלקענדעל. זיי זענען אַזוי אַראָפּ נאָך פינף טרעפּ און געזאָגט דעם ספר שני פון תהלים, געשיקט נאָכאַמאָל דעם שמש געוואויר ווערען און ער איז צוריקגעקומען מיט דער זעלבער תשובה. ביים דריטען מאָל אַראָפּגייען נאָך פינף טרעפּ און זאָגענדיג

דעם דריטען ספר פון תהלים איז דער שמש צוריגעקומען מיט דער בשורה: די הימלען זענען פאַרוואָלקענט און אַ רעגען האָט אָנגעהויבען צו גיין. ווען די צעהן גרויסע לייט האָבען דערהערט אַז זייערע תפלות זענען נתקבל געוואָרען, האָבען זיי באַלד פאַרגעסען וועגען דער כוונה פון רעגען און אָנגעהויבען טראַכטען נאָר וועגען גאולה. איידער זיי האָבען אָנגעהויבען עפּעס מכוון צו זיין איז באַלד געקומען אַ שטורם פון דער הייל און האָט זיי אַרויסגעשטויסען אינדרויסען. דעמאָלט האָבען זיי פאַרשטאַנען אַז עס איז נאָך נישט געקומען די צייט פון דער גאולה און מען דאַרף נישט דוחה זיין דעם קץ. (מעשה ניסים).

---

## פאַר דער באַשטימטער צייט.

וועגען דעם גרויסען מליץ יושר, רבי לוי יצחק באַרדיטשיווער זצ"ל, ווערט דערציילט, אַז ווען ער איז צוגעקומען צו דער תפלה „ומפני חטאינו גלינו מארצנו", וועלכע מען זאָגט אין דער מסוף׳דיגער שמונה־עשרה, האָט ער זיך אויסגעטענה׳ט מיט׳ן רבונו של עולם אויף פאָלגענדען שטייגער: רבונו של עולם, מיר האָבען ביי דיר אַ גע־וואונענע דין־תורה. די חז"ל זאָגען אַז נאָכדעם ווי מען חרוב געמאַכט דאָס בית המקדש האָסטו אונז פאַרטריבען פון אונזער לאַנד מיט צוויי יאָר פריער פאַר׳ן באַשטימטען טערמין, אַזוי ווי מיר זאָגען אין דער תפלה: „ומפני חטאינו גלינו מארצנו", דאָס הייסט „ומפני" נאָך פריער, פאַר די זינד, איידער דאָס מעסטעל פון זינד איז פול געוואָרען זענען מיר פון לאַנד פאַרטריבען געוואָרען, אויב אַזוי! טאָ האָבען מיר דאָס רעכט פון דיר צו פאָדערען, אַז פונקט ווי דו האָט אונז פאַרטריבען פאַר׳ן באַשטימטען זמן, אַזוי אויך זאָלסטו אונז צוריקברענגען אין אונזער לאַנד פאַר׳ן אָנגעצייכענטען טערמין, איידער מיר זענען דאָס ווערט, איידער מיר טאָן תשובה... (רבי לוי יצחק באַרדיטשיווער זצ"ל).

---

# וויצען און אַנעקדאָטען

## נישט קיין רעדנערישקייט, נאָר צו דער זאַך.

רבי שמואל מוהיליווער האָט אַמאָל געררופען צו זיך אַן אסיפה וועגען ארץ־ישראל אין וועלכע עס האָבען באַטייליגט אויך נישט פרומע דעלעגאַטען. באַלד ביי דער ערעפנונג פון דער פאַרזאַמלונג האָט ער זיך געווענדעט צו די אנטיילנעמער און געזאָגט: כ'בעט אייך טוט מיר צוליב צוויי זאַכען: זיצט אין די היטלען און רעדט אידיש. דערויף האָט איינער פון זיי זיך אָנגערופען: רבי! די ערשטע העלפט פון אייער בקשה זענען מיר בעריית צו ערפילען, מיר וועלען זיצען מיט די היטלען, אָבער די אַנדערע העלפט בקשה אַז מיר זאָלען רעדען אידיש, קאָנען מיר נישט ערפילען, פשוט דערפאַר ווייל מיר וועלען נישט קענען אַרויסזאָגען אַלץ וואָס מיר ווילען, ווייל די אידישע שפּראַך איז אונז נישט צוגענגליך. דערויף האָט רבי שמואל אָפּגעענטפערט: דאָס וואָס איך בעט צו רעדען אידיש איז נישט דערפאַר ווייל מיר פאַרשטייען נישט קיין אַנדערע שפּראַך, נאָר דאָס בין איך אויסען לטובת הענין. און ער האָט דאָס מסביר געווען: ווי באַוואוסט איז דאָך משה רבנו געווען אַ „כבד פה וכבד לשון", איז דאָך אונ־פאַרשטענדליך פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם אויסגעקליבען אַלס שליח צו פּרעה'ן, דווקא אַזעלכען וואָס איז שווער אויפן לשון? צו אַזאַ וויכטיגע מיסיע פאָדערט זיך דאָך אַ מענטש מיט אַ געשליפען מויל און גלאַט צינגעל? נאָר דער ענין דערפון איז אָבער פּונקט פאַר־קערט: ווען צו פּרעה'ן וואָלט זיך געווענדעט אַ מענטש מיט רעדע־נערישע פעהיקייטען, וואָלט ער זיך זיכער באַנוצט מיט זיין רעדע־נערישער קראַפט און וואָלט פאַר איהם געשילדערט די באַדייטונג פון פרייהייט, נאַציאָנאַלע זעלבסשטענדיקייט, יושר און גערעכטיקייט, און ער וואָלט אַזוי לאַנג געפּרעדיגט ביז ער וואָלט פאַרגעסען דעם עיקר ציל וועגען וועלכען ער איז געקומען — די אידישע גאולה. האָט דעריבער דער אויבערשטער אויסגעוועהלט משה'ן וועלכער איז געווען אַ „כבד פה וכבד לשון" און ער האָט געפאָדערט פון דעם עגיפּטישען קעניג אָהן פאַררעדעס און רעדנערישע עפעקטען קורץ און שאַרף „שלח את עמי" שיק אַרויס מיין פאָלק! די זעלבע זאַך איז — האָט רבי שמואל מוהיליווער פאַרענדיגט — מיט אונזער פאַרזאַמלונג. איך ווייס גאַנץ גוט אַז איהר באַזיצט גרויסען אָראַטאָרישען טאַלאַנט און איך האָב מורא אז יעדער פון אייך וועט זיך אָנשטרענגען צו האַלטען אַוואָס שענערע דרשה וועגען ארץ־ישראל און מען וועט

ניט באַווייזען צוצוקומען צום עיקר. אַז איהר וועט אָבער רעדען אידיש, וועט איהר רעדען קורץ און צו דער זאַך. (רבי שמואל מוהיליוווער ז״ל).

## אַבי אין ארץ־ישראל.

אַ רייכער אַמעריקאַנער אַל־רייטניק האָט מיט אַ צייט צוריק געמאַכט אַ טוריסטען־רייזע קיין ארץ־ישראל. קומענדיג אַהין איז ער געוועזען דער גאַסט פון די שענסטע האָטעלען. געלד האָט איהם ניִשט געפעהלט, האָט ער זיך איינגעקויפט פון די שענסטע ארץ־ישראל פּראָדוקטען און טייערסטע חפצים. איינמאָל איז ער זיך געזעסען אין אַ רעסטאָראַן און געגעסען אַ געשמאַקען מיטאָג און צוגעטרונקען דעם בעסטען כרמל־וויין, זיך פאַרויכערט אַ פיינעם האַוואַנאַ־ציגאַר און דאַן, זענענדיג אין בגילופין׳דיגער שטימונג, האָט ער אין אַ קרעכצענדען טאָן אַ זאָג געטאָן: אוי, רבונו של עולם, כ׳בין אַלץ מקבל באהבה אבי אין ארץ־ישראל. (אַן (א״י־וויץ).

## דער גוף און דאָס געלד.

אַ רייכער איד האָט באַשלאָסען צו פאַרברענגען אַלע זיינע יאָרען אין ארץ־ישראל, און ווען עס וועט קומען די צייט פון שטאַרבען זאָל ער דאָרט נקבר ווערען. דער רייכער מאַן איז דאָרט געזעסען עטליכע יאָר און פאַרטאַכלעוועט דאָס גאַנצע געלט אויף פאַרשידענע אומנוצליכע צוועקען. בלייבענדיג אָהן אַ גראָשען מזומן איז דער אַלטער איד צוריקגעקומען אַהיים. אַריינקומענדיג אהיים אין שטוב אַריין, זאָגט צו איהם דער רב: איצט איז מיר פאַרשטענדליך דער מאמר חז״ל: „יש לך אדם שממונו חביב עליו יותר מגופו״ (ברכות נ״ד). וואָרעם אייגענטליך איז דאָך אונפאַרשטענדליך, אַז עס זאָל זיך געפונען אַ מענטש וואָס זאָל ליבער האָבען געלד ווי דעם אייגענעם גוף? נאָר — האָט דער רב פאַרטגעזעצט — אַנקוקענדיג זיך אין אַזאַ מצב איז מיר שוין קלאָר: די חז״ל מיינען אַזאַ איינעם ווי דיך: דו ביזט געפאָרען קיין ארץ־ישראל צו באַגראָבען דיין גוף, און צום סוף האָסטו גאָר באַגראָבען דיין געלד אין ארץ־ישראל און דעם גוף האָסטו אַהער געברענגט קיין חוץ לארץ צו באַגראָבען. האָסטו דאָך דאָס געלד ליבער ווי דעם גוף. (פון ארץ־ישראל פאָלקלאָר).

## דער אָפיצער און דער סאָלדאַט.

ווען דער פאַלקסטימליכקייט און נישט אָפּגעבלאָזענקייט וואָס עס הערשט אין ישראל צווישן די אָנפירער פון דער אַרמעע און די פּשוטע סאָלדאַטען קורסירט דאָרט פאָלגענדער וויץ: ווען איין אָפיציר פרעגט דעם צווייטען ווי אַזוי מען האָט אונטער זיין קאָמאַנדא רעאַגירט אויף דעם באַפעל צו מאַכען אַ סאַלוט באַגעגענדיג אַן אָפיציר, ענפערט יענער: נישקשה, ווען דער אָפיציר האָט סאַלוטירט האָבען אַלע סאָלדאַטען צוריקגעענפערט. (א״י וויץ).

---

## ארץ־ישראל און סיביר.

אַ באַרימטער אָנגעזעענער חובב ציון האָט אַמאָל באַזוכט זיינס אַ באַקאַנטען גביר און איהם געבעטען ער זאָל זיך באַשטייערען פאַר ארץ־ישראל. דער גביר האָט זיך אנטזאָגט צו געבען און האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט אַ טענה און געזאָגט: — צו וואָס דאַרפט איהר אָנ־ווענדען די גאַנצע ענערגיע צו באַזעצען אידען אין אַזאַ קליין אָרים לאַנד ווי ארץ־ישראל? די בעסטע זאַך וואָלט געווען איהר זאָלט אויס־נוצען דעם גאַנצען איינפלוס און אויסווירקען ביי די מאַכט־האָבער פון דער וועלט, אַז מען זאָל עפענען פאַר די אידען די טויערען פון אַ גרויס, ברייט, רחבות'דיג לאַנד ווי צום ביישפּיל, סיביר. דערויף האָט איהם דער פירער געענפערט: איך האָב אַ צינד נישט קיין צייט זיך אַריינצולאָזען אין דיסקוסיעס; אָבער כ'וויל זיך באַגנוגענען מיט אַ בלויזער ברכה און איך ווינטש אייך טאַקע אַז אין אַנדערען יאָר זאָלען מיר אַלע זיין אין ירושלים, און איהר — אין סיביר.

---

## ווער עס איז „אונלעגאַל".

אין דער צייט ווען די ענגלענדער האָבען געהערשט אין ארץ־ישראל האָבען זיי געשטעלט וואַך־לייט און פּאָליציסטען כדי צו קאָנטראָלירען אַז קיינער פון די אומגליקליכע און געפּלאָגטע אידישע וואַנדערער זאָל זיך נישט אַדורכרייסען איבער די גרעניצען פון ארץ־ישראל. די יעניגע וועלכע האָבען זיך אַריינבאַקומען אין לאַנד פון זייער בענקשאַפט דורך פאַרשידענע שוועריקייטען און דורך פאַרשידענע המצאות, זענען באַטראַכט געוואָרען אַלס פאַרברעכער און מען האָט זיי גערופען: „די אומלעגאַלע". איינמאָל האָט דער ארץ־ישראל'דיגער הויך־קאָמישאָנער גערופען צו זיך הרב קוק ז״ל און איהם געזאָגט אַז ער זאָל אויסנוצען זיין איינפלוס און זיך ווענדען צו די אידישע עליה־פאַרשטעהער, אַז די אַזוי גערופענע „אומלעגאַלע"

זאָלען אויפהערען אַריינצוקומען אין לאַנד אַריין. דערויף האָט איהם הרב קוק געענפערט: — חשוב׳ער הויך־קאָמישאַנער! לויט מיין מיינונג איז דער וואָס איז נישט עולה קיין ארץ־ישראל אַן „אומ־לעגאַלער״.

## ראָטשילד׳ס אַ וואָרט.

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם באַראָן עדמונד ראָטשילד: — (באַקאַנט אַלס הנדיב הידוע) וואָס איז די מעשה וואָס אַלץ וואָס איהר בויט אין ארץ־ישראל, בויט איהר אויף זאַמד? דערויף האָט דער באַראָן געענפערט: אויף׳ן פעסטען, פרוכטבאַרען באָדען קען דאָך יעדער בויען, דערויף בין איך ראָטשילד: צו בויען אויף זאַמד און טאָן אַזעלכע אַרבייטען וואָס אַנדערע זענען נישט אימשטאַנד צו טאָן. (יערי).

## ווען די א״י־לופט וואָלט רייך געמאַכט.

אַ פּאַרצייטישער גדול האָט געזאָגט בדרך הלצה: די גמרא זאָגט „אווירא דארץ־ישראל מחכים״ און מען זעהט גאָרנישט עס זאָלען זיך געפינען אַ סך בעלנים וועלכע זאָלען זיך רייסען קיין ארץ־ישראל כדי קלוגער צו ווערען, דאַגעגען, ווען עס וואָלט געזאָגט געוואָרען „אווירא דארץ־ישראל מעשיר״ — אַז די ארץ־ישראל לופט מאַכט רייך, דאַן וואָלט איהר שוין געזעהן וויפיל טויזענטער און צעהנער טויזענטער מענטשען עס וואָלטען געשטראָמט אַהין. (בשם גדול אחד).

## מיט אַן אויטאָבוס נישט, מיט אַ טעקסי יאָ.

ווי באַוואוסט איז איינגעפירט געוואָרען אין ארץ־ישראל, אַז באַלד נאָך ליכט־צינדען שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע אויטאָבוס־קאָמוניקאַציע. דאָס איז אָפיציעל שטרענג פאַרבאָטען מצד דער רעגירונג. דאַגעגען איז ערלויבט צו באַנוצען פּריוואַטע טאַקסיס, הגם דאָס איז דער זעלבער חלול־שבת. כדי אויסצודריקען זייער שטילען פּראָטעסט געגענאיבער דעם דאָזיגען חלול־שבת האָבען די פרומע אידען אין תל־אביב פאַרשפּרייט פאָלגענדען וויץ: אַ נייער עולה איז אָנגעקומען קיין תל־אביב און באַגעגענט אַ זעקס יעריג אינגעל. פרעגט ער איהם: „אינגעלע, אפשר קענסטו מיר זאָגען וואָס איז דאָס אַזעלכעס וואָס מען רופט שבת״? דערויף האָט איהם דער קליינער „סאַבראַ״ (אַזוי רופט מען אַ קינד וואָס איז געבוירען אין ארץ־ישראל) געענפערט אין העברעאיש: — ׳שבת הוא יום שאסור בו לנסוע באוטובוס, אבל

בטקסי מותר״ — שבת דאָס איז אַזאַ טאָג אין וועלכען מען טאָר נישט פאָרען אויף קיין אויטאָבוס, אָבער מיט אַ טעקסי מעג מען יאָ. (ארץ־ישראל וויץ).

## אַ גאַנץ גוטער ציוניסט.

אַ באַוואוסטער גדול האָט אַמאָל געהאַט אַ שמועס מיט איינעם פון די ציוניסטישע פירער, וועלכער האָט איהם פאָרגעוואָרפען, אַז דער אָרטאָדאָקסישער עלעמענט איז ווייניג באַגייסטערט פון דעם „באַזעלער פּראָגראַם״. דערויף האָט איהם דער גדול וויציג אַ זאָג געטאָן: ר׳ יהודה הלוי איז געווען אַ גאַנץ גוטער ציוניסט חאָטש ער איז נישט געוועזען אין באַזעל. (געהערט).

## אַ כותל המערבי ווי אַלע כותל המערבי׳ס.

אַן אַמעריקאַנער אידישער מאַגנאַט איז אַמאָל געפאָרען אויף אַ באַזוך קיין ארץ־ישראל. צווישען אַלע אַנדערע זעהענסווירדיקייטען וואָס דאָס לאַנד האָט, איז ער אויך געגאַנגען אָנקוקן די „כותל המערבי״ (די וואַנד וואָס איז געבליבען פון די מויער וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם בית המקדש). ווען ער איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע האָבען איהם באַקאַנטע געפרעגט: „האָט איהר באַזוכט דעם „כותל־המערבי״ ? „ווי זעהט זי אויס ?״. דערויף האָט ער געענטפערט: ווי זאָל זי אויסזעהן ? „אַ כותל המערבי ווי אַלע כותל המערבי׳ס״. (פאָלקס־וויץ).

## גאולה — איז בעסטע תפלה.

יום־כפור ביינאַכט נאָך כל־נדרי ווען דער חזן האָט שוין געהאַט פאַרענדיגט דאָס דאַווענען מיט אַלע תפילות איז אַ קליינער עולם פאַרבליבען אין שוהל און געזאָגט תהלים ווי עס איז דער מנהג בכל תפוצות ישראל. צווישען די תהלים־זאָגער איז געווען אַ פּשוטער דאָרפס־איד נישט קיין גרויסער למדן און נישט קיין קליינער עם־הארץ, וועלכער האָט זיך זעהר ווייניג פאַרשטאַנען אויף פירוש המלות. ווען עס איז געקומען צו דעם „יהי רצון״ וואָס מען זאָגט נאָך דעם תהלים, האָט דער ישוב׳ניק די אַלע תפלות ווי אַ שטייגער „ותקרא לשבויים דרור״ (און דו זאָלסט פּראָקלאַמירען פרייהייט פאַר די געפאַנגענע) „ותן לכל איש ואיש די פרנסתו״ (און דו זאָלסט יעדען מענטש געבען גענוג פרנסה) און אַזוי ווייטער, אַלץ איבערגעלאָזט און איבערגעהיפּערט אָהן באַזונדערע כוונה. ווען עס איז געקומען צום סוף פון קאַפּיטעל, האָט ער זיך אָנגעהויבען שאָקלען

מיט גרויס דבקות און התלהבות און געזאָגט: וואָס טויג מיר די אַלע זאַכען? דאָס בעסטע וואָלט געווען זאָלסט אונז אויסלייזען און ברענגען קיין ארץ־ישראל. דאָס בעסטע איז „ותמהר ותחיש לגאלנו״ (זאָלסט איילען אונז אויסצולייזען). (פאָלקס־מאָטיוו).

## ווען דער שקר איז אַן אמת.

אַ באַרימטער חובב ציון האָט אַמאָל באַזוכט ארץ־ישראל און איז צוריקגעקומען פון דאָרט אַ שטאַרק באַגייסטערטער. אָפּגעבענדיג דעם בעריכט, האָט ער צווישען אַנדערען געזאָגט: תמיד, ווען איך האָב געהאַלטען מיינע רעדעס און אויפגעלויבט דאָס הייליגע לאַנד, האָב איך געמיינט אַז איך בין אַלץ מגזם און כ׳זאָג בלויז ליגענד. איצט, נאָכדעם ווי כ׳האָב אַליין געזעהן די שיינקייט פון לאַנד, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אַז מיינע ליגענד זענען געווען אמת. (אַ ווערטעל).

## פאַרוואָס שווייגען זיי?

איין איד האָט געפרעגט דעם אַנדערען: פאַרוואָס שווייגען די חלוצים אין א״י? ווייל — האָט דער אַנדער׳ער געענפערט — ווען אידען רעדען מאַכען זיי באַוועגונגען מיט די הענט און די הענד פון די חלוצים זענען דאָך פאַרנומען מיט אַרבייט (א״י וויץ).

## אַז מען האָט געוואַרט אַזוי לאַנג.

אין דעם פאָרצימער פון אַ מיניסטער אין מדינת־ישראל זיצען עלטיכע אידען, וועלכע דאַרפען אויפגענומען ווערען אויף אַן אוידענץ. זיי וואַרטען עטליכע שעה און ווערען אַלץ נישט אַריינגעלאָזט אינ׳ם אויפנאַמס־צימער. איינער פון די וואַרטער איז געוואָרען שטאַרק נערוועז און אומגעדולדיג, רופט זיך אָן איין איד צו איהם: מילא, וואָס לאָזט זיך טאָן? אויב מען האָט געהאַט געדולד צו וואַרטען אויף אַן אייגענעם מיניסטער אין ישראל גאַנצען צוויי טויזענד יאָר, טאָ וועט מען שוין וואַרטען נאָך אַ פּאָר שעה. (א״י־וויץ).

## פון אַ הויפען זאַמד — אַ שטאָט.

אַ באַוואוסטער גדול האָט אַמאָל באַזוכט ארץ־ישראל און איז אויך געווען אין תל־אביב. צוזעענדיג דעם שנעלען וואוקס און דעם גוואַל־דיגען טעמפּאָ האָט ער געזאָגט: דאָ זעהט מען באמת ווי דער אויבער־

שטער איז מוסיף מ„חול״ אל הקודש פון אַ הויפּען „זאַמד״ איז געוואָרען אַ גרויסע הייליגע שטאָט („חול״, איז אויך דער טייטש זאַמד). (געהערט).

## די חמי טבריה אַלס מוסטער.

רבי דוד׳ל דינאָווער זצ״ל איז אַמאָל געווען אין קור־אָרט און האָט צוגעזעהן דאָס פּריצות פון די פרייע יוגענד, האָט ער דערפון געהאַט גרויס צער, רופט ער זיך אָן: די חז״ל זאָגען: (סנהדרין קח) אַז די „חמי טבריה״ זענען איבערגעבליבען פון מבול, נאָך וואָס האָט עפּעס דער רבונו של עולם איבערגעלאָזט אַ זכר פון מבול? נאָר — האָט רבי דוד׳ל געזאָגט — טאָמער וועלען די שפּעטערע דורות פרעגען פאַרוואָס איז דער רבונו של עולם מיט זיין חרון אף געווען אַזוי שטרענג און אַזש געברענגט אויף דער וועלט אַ מבול? האָט ער טאַקע דערויף איבערגעלאָזט אַלס מ ו ס ט ע ר די חמי טבריה דאָרט וואו טויזענטער יוגענדליכע באָדען זיך און פירען זיך אויף צעלאָזען און פערשייט, און אַז די קומענדע דורות וועלען זעהן ווי ווייט דאָס פּריצות און צעלאָזענקייט האָט דערגרייכט, וועט שוין פאַר זיי קלאָר ווערען, אַז דער דור פון מבול איז פאַר אַזעלכע מעשים ווערט געווען אַז עס זאָל קומען אַ מבול. (רבי דוד׳ל דינאָווער).

## אַז מען גייט אַרויס פון אייגענעם לאַנד פאַרלירט מען דעם שכל.

אין אַ שטעטעל אין אַמאָליגען רוסלאַנד האָט זיך געפונען אַ איד, אַ פקח מיט׳ן נאָמען יאַנקעל. דער דאָזיגער איד האָט אַמאָל געדאַרפט פאָרען קיין דייטשלאַנד צו אַ דאָקטאָר צוליב זיין קראַנקהייט. דערויף האָט ער געמוזט האָבען אַן ערלויבעניש פון דער פּאָליציי אַריבער־צוגיין די גרעניץ. אָט אַזאַ פּאַספּאָרט האָט דעמאָלט געקאָסט אַנ׳ערך פון צוואַנציג רובעל, וועלכע דער איד האָט נעבעך נישט געהאַט. איז ער געפאַלען אויף אַן המצאה און געבעטען זיין פריינד וואָס האָט געהייסען תנחום און ביי איהם געבאָרגט דעם פּאַספּאָרט. זיין פריינד האָט איהם אָנגעזאָגט אַז אויב מען וועט איהם פרעגען ביי דער גרעניץ ווי אַזוי ער הייסט זאָל ער זאָגען, אַז זיין נאָמען איז תנחום און נישט יאַנקעל. ווען יאַנקעל דער שטאָט־חכם איז געקומען צו דער גרעניץ און דער וועכטער האָט איהם געפרעגט: „ווער ביזטו?״ איז ער צעמישט געוואָרען און האָט איהם געענטפערט: ווער איך בין, בין איך, אָבער יאַנקעל הייס איך זיכער נישט. (געהערט).

## אַ וועכטער ביי גרינצייג.

דער גרויסער חובב ציון רבי מרדכי אַליאַשבערג פלעגט שטענדיג זאָגען: דער רבונו של עולם זאָל מיר העלפען, איך זאָל האָבען דעם זכות צו קענען פאָרען קיין ארץ־ישראל און אַליין באַארבייטען די ערד ווי אַ פּראָסטער, געוועהנליכער אַרבייטער. רבי — האָט אים איינער פון זיינע מקורבים געפרעגט — זענט איהר דען פיזיש אימ־שטאַנד צו אַרבייטען אין אַ פעלד? דערויף האָט ער געענפערט: טאָ, וועל איך זיין אַ וועכטער ביי גרינצייג. (געהערט).

## היינט — קיין זכר פון עבודה־זרה.

ווען דער ערשט נפטר געוואָרענעם גערער רבי זצ״ל האָט דאָס ערשטע מאָל באַזוכט ארץ־ישראל איז איהם הרב קוק ז״ל אַנטקעגען געפאָרען צו דער סטאַנציע. ווען דער גערער רבי איז אַריינגעקומען אין צענטער פון ירושלים האָט ער דאָרט באַמערקט אַזעלכע זאַכען וועלכע האָבען זיך איהם אויסגעוויזען צו זיין נישט געגוג אידישלעך. דער רבי זאָל דאַביי האָבען אַ זיפץ געטאָן און זאָגען: ווי, ווי, אין דער הייליגער שטאָט ירושלים, די שטאָט פון די חוזים און נביאים זאָלען זיך געפינען אַזויפיל זינדיגע! הרב קוק האָט דאָס אויסגעהערט און געשוויגען. פאָרענדיג ווייטער זענען זיי פאַרביי דעם פלאַץ וואָס מען רופט „גי־בן־הינום״. דאָ האָט הרב קוק איבערגעריסען זיין שוויגען און אַ זאָג געטאָן: זעהט רבי, דאָס אָרט איז דער טאָל „גי־בן־הינום״, אין די צייטען פון די נביאים האָבען אידען אויף דעם פלאַץ געבראַכט זייערע קינדער צום אָפגאָט „מולך״ און היינט צוטאָג איז אין גאַנץ ארץ־ישראל מער נישטאָ קיין שום זכר פון עבודה זרה. (געהערט).

## דאָרט וואו די גויים זענען אידען.

אַ דעלעגאַט פון ארץ־ישראל איז אַמאָל געקומען קיין פוילען אויף אַ טור און האָט צווישען אַנדערען אויך באַזוכט אַ חדר וואו ס׳האָבען געלערענט אידישע קינדערלעך. דער גאַסט האָט זיי דערציילט וועגען דער שיינקייט פון הייליגען לאַנד און אַז תל־אביב איז אַ שטאָט וואָס באַשטייט דורכאויס פון אידען. דערויף האָט איינער פון די יונגע תלמידים געפרעגט דעם גאַסט: און די לערער? — די לערער — האָט דער דעלעגאַט געענפערט — זענען אויך אידען. פרעגט דער צווייטער תלמיד: און די פּאָליציסטען? אויך די פּאָליציי־לייט זענען אידען — האָט דער גאַסט געענפערט. פרעגט אַ דריטער תלמיד: און דער

בירגערמייסטער? ענפערט דער שליח: אויך די בירגערמייסטער איז א איד. הערענדיג דעם דאָזיגען ענפער האָבען אַלע תלמידים אויס־געשטעלט די אויגען מיט פאַרוואונדערונג און געפרעגט: „און אויך די דאָרטיגע גוים זענען אידען? (געהערט).

## דער דרך הטבע און דער נס.

אין לעיק סוקסעס בעת די זיצונגען פון די פאַראייניגטע פעלקער ווען עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די ארץ־ישראל פראַגע זענען געזעסען עטליכע אידען און פאַרפירט א שמועס, וואָס פאַר א לעזונג עס וואָלט געווען בעסער פאַר אידען. איינער האָט אַרויסגעזאָגט זיין השערה אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען, אַז דער פעלקער־פאַרבאַנד זאָל אָקצעפּטירען דעם חלוקה־פּלאַן. א צווייטער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז די גרעסטע ישועה וואָלט געווען אַז עס זאָל דערמעגליכט ווערען אַז אידען זאָלען קענען פריי איינוואַנדערען קיין ארץ־ישראל אָהן שטערונגען. א דריטער האָט געהאַלטען, אַז די איינציגע הילף פאַר'ן אידישע פאָלק וואָלט געווען אַז עס זאָל אַראָפּגענומען ווערען דער „עמבאַרגאָ", מען זאָל קענען שיקען גענוג וואָפען צום ישוב א. א. וו. צום סוף פון געשפּרעך רופט זיך אַן איינער פון עולם און זאָגט: הערט זיך איין צו מיינע ווערטער: עס זענען פאַראַן צוויי אופנים דורך וועלכע די ישועה קען קומען — אויך א נאַטירליכען וועגען, אָדער בדרך נס. דער נאַטירלעכער וועג וואָלט געווען, אַז משיח זאָל קומען, וועט ממילא זיין די גאולה, דער נס וועט זיין אַז די ענגלענדער וועלען ווערען אַביסעל בעסער צו אידען. (געהערט).

## געוועער און שכל.

אין דער צייט פון אידיש־אַראַבישען קריג ווען ענגלאַנד האָט געהיימערהייט געשטיצט די אַראַבער מיט אַמוניציע קעגען ישראל האָט מען אין ארץ־ישראל דערציילט פאָלגענדען וויץ: אַן ענגלענדער זאָגט צו אַן אַראַבער: ווילסטו געוועער — נאַדיר געווער. ווילסטו טאַנקען — קענסטו ביי מיר אויך קריגען. ווילסטו עראָפּלאַנען — קען איך דיר ליפערען עראָפּלאַנען, און אויב דו האָסט א מאַנגעל אין מזומנים, קענסטו פון מיר באַקומען אויך געלד, אָבער איין זאַך קען איך דיר נישט געבען — אידישען שכל. (ארץ־ישראל וויץ).

## דוד און גלית.

א וויכטיגער קאָרעספּאָנדענט וועלכער איז געקומען אין ארץ־ישראל אין דער צייט פון אידיש־אַראַבישען קריג האָט אין דער צייטונג

„דעילי מעיל" פאַרגליכען די „אַראַבישע ליגע" מיט אַ באַפעלקערונג פון 31 מיליאָן צו גלית'ן און 800,000 אידען אין ארץ ישראל צו דוד'ן. דערביי, באַמערקט ער אַז דער אַראַבישער גלית האָט געליטען אַ שטאַרקע מפלה דורך די הענד פון דוד'ן. (דעילי מעיל).

## עלטערען און קינדער.

ווי באַוואוסט, זענען די אַמאָליגע חלוצים און פיאָנערען פון ארץ־ישראל'דיגען ישוב זיך אויסגעשטאַנען פאַרשידענע צרות און יסורים ביים אויפבוי פון לאַנד. זיי האָבען געהאַט צו קעמפען געגען כלערליי אַנשעקענישען, ווי מאַלאַריע־קראַנקהייטען, הונגער און אנפאַלען פון די שכני'שע בעדואינער — אָבער ווען מען האָט זיי געפרעגט אויב עס איז כדאי אוועקצוגעבען אַזויפיל קרבנות פאַר ארץ־ישראל, פלעגען זיי דערויף ענפערען: אויב מיר אַליין וועלען נישט זוכה זיין צו זעהן מיט די אויגען אַ פרייע, אייגענע אידישע מלוכה, דערפאַר אָבער וועלען אונזערע קינדער דאָס זיכער דערלעבען.

אין דעם היינטיגען דור, ווען די גאַנצע אידישע יוגענד איז זיך מקריב פאַר דעם אידיאַל פון האָבען אַן אייגען לאַנד ווערענדיג טאָג־טעגליך געהרג'ט אינ'ם קאַמף קעגען די ווילדע אַראַבער, ווען מען פרעגט די יונגעלייט צו עס לוינט אוועקצוגעבען דאָס לעבען און ברענגען אַזויפיל קרבנות פאַר ארץ־ישראל, ענפערען זיי דערויף: אויב מיר וועלען נישט האָבען די זכיה צו זעהן אַ זעלבסשטענדיגע אידישע מלוכה, דערפאַר אָבער וועלען עס אונזערע עלטערען דער־לעבען. (ארץ־ישראל ווערטעל).

## דעם שכור'ס בקשה.

אין דער אַלטער היים פלעגט מען דערציילען פאָלגענדען וויץ: אַן עלטערער איד איז געפאָרען שטאַרבען קיין ארץ־ישראל. יעדער פון זיינע באַקאַנטע האָט איהם געבעטען ער זאָל פאַר איהם מתפלל זיין ביי די הייליגע קברים פון די אבות. דער שטאָטישער שכור האָט איהם געבעטען: זיי מתפלל אויף לוט'ס קבר אַז שנאַפּס זאָל ביליגער ווערען, און ביים קבר פון לוט'ס ווייב זאָלסט מיר מתפלל זיין, אַז זאַלץ זאָל אויך ביליגער ווערען. (פאָלק־וויץ).

## אין ברירה.

בעת איינער פון די חשוב'סטע פערזענלעכקייטען פון ארץ־ישראל האָט געוויילט אין אַמעריקע, האָט אַ איד איהם געפרעגט: כ'בעט אייך,

זאָגט מיר ווער איז דער וויכטיגסטער גענעראַל און קריגס־אָנפירער אין ארץ־ישראל וועלכער האָט מיט אַזאַ העלדישקייט צעטריבען די חמרים אַראַבישע אַרמעען? „אין ברירה״! — האָט דער ארץ־ישראל גאַסט געענפערט. (אַן ארץ־ישראל ווערטעל).

## „מפני חטאינו״.

צוויי ארץ־ישראל׳דיגע יונגעלייט האָבען געבראָכען דאָס געזעץ פון דער נייער א״י־קאָנסטיטוציע און זענען פאַראורטיילט געוואָרען דורך׳ן געריכט צו פאַרלאָזען דעם לאַנד. זיי זענען געקומען קיין אַמעריקע. אויף דער פראַגע פון זייערס אַ באַקאַנטען די סיבה פון זייער אַנטלויפען פון ארץ־ישראל האָבען זיי געענפערט מיט פאָלגענדען ווארט־שפיל: „מפני חטאינו גלינו מארצנו״ — דורך אונזערע זינד האָבען מיר געמוזט אַוועק פון אונזער לאַנד. (אַ וויץ).

## אַ איד ביי מלכים און אַ מלך ביי אידען.

אידען האָבען זיך אַמאָל פאַרזאַמעלט מיט׳ן צוועק צו גרינדען אַן אייגענע אידישע מלוכה. די פאַרשטייער זענען אַוועק צום שטאָטישען גביר און איהם פאָרגעלייגט ער זאָל ווערען זייער קעניג. דער גביר האָט זיך אַנטזאָגט פון דער דאָזיגער פראָפּאָזיציע און געענפערט אויף אַ האַלב וויציגען אופן: עס איז פאַר מיר בעסער צו זיין אַ איד ביי מלכים איידער צו זיין אַ מלך ביי אידען. (אַ פאָלקס־ווערטעל).

## „שיקאגאָ״ אָדער „תל־אביב״.

אַן אַמעריקאַנער עושר האָט זיך אַמאָל באַרימט פאַר א ציוניסטישען פירער אַז ער איז אַ שטאַרקער חובב ציון און גרויסער ארץ־ישראל־פּאַטריאָט. אַלס באַווייז האָט ער אָנגעגעבען דאָס וואָס ער האָט אין שיקאגאָ אַ שיינע ווילאַ מיט נאָמען „תל־אביב״.

דערויף האָט איהם דער ציוניסטישער מנהיג געזאָגט: ווען דו וואָלסט געוואוינט און געלעבט אין תל אביב און דאָרט געהאָט אַ ווילאַ מיט׳ן נאָמען שיקאַגאָ וואָלט איך געוואוסט אַז דו ביזט אַ גוטער ציוניסט. איצט, אַז עס איז פונקט פאַרקערט, איז דיין חיבת־ציון שטאַרק צווייפעלהאַפט און אונטער אַ גרויסען פראַגע־צייכען...

## ישראל׳ס געהיימער וואָפען.

אין ניו־יאָרק איז פאָרגעקומען אַ בעראַטונג אין וועלכע עס האָבען אָנטייל גענומען אַסך ציוניסטישע פירער, צווישען זיי איז געוועזן

אַנוועזענד די אַמבאַסאַדאָרין פון ישראל גאָלדע מייערסאָן. די אָנטייל־נעמער זענען געווען שטאַרק נייגעריג צו וויסען וועגען די נייע געהיימניספולע אידישע וואָפען, וועגען וועלכע די פרעסע האָט אַזוי אָפט געשריבען. אַלס ענפער דערויף האָט גאָלדע מייערסאָן צוגעשיקט אַ צעטאַלע צום פאָזיצער אין וועלכען עס האָט זיך געלייענט: „הנשק הסודי שלנו הוא צור ישראל וגואלו" — אונזערע געהיימע וואָפען איז דער אַלמעכטיגער ג־ט פון ישראל. (געהערט).

## אַ געלונגענער ענפער.

עס ווערט דערציילט: דער גרויסער ענגלישער שטאַאַטסמאַן לורד באַלפור האָט אַמאָל געפרעגט ד"ר חיים ווייצמאַן: פאַרוואָס מוזען אידען דוקא קאָלאָניזירט ווערען אין ארץ־ישראל, ווייניג שיינע, גוטע לענדער זענען פאַראַן אויף דער וועלט? דערויף האָט איהם ד"ר ווייצמאַן גע־ענפערט מיט אַ פראַגע: פאַריז איז זעהר אַ שיינע שטאָט און אַסך הינזיכטען אפשר שענער ווי לאָנדאָן, וואָלט איהר ענגלענדער פאַר־ציכטעט אויף אַייער לאָנדאָן און עס אויסגעביטען אויף פאַריז?

## פאַרוואָס איז די תורה ניט געגעבען געוואָרען אין א"י.

איינער האָט אַמאָל געפרעגט ר' שמואל מוהיליווער'ן: פאַרוואָס איז די תורה געגעבען געוואָרען אין דער מדבר און נישט אין ארץ־ישראל? — דערויף האָט הרב ר' שמואל געענפערט: ווען גאָט וואָלט געגעבען די תורה אין ארץ־ישראל, וואָלטען אידען תמיד זיך אַרומגעריסען צווישען זיך. יעדער וואָלט געוואָלט מאָנאָפּאָליזירען די תורה פאַר זיך זאָגענדיג אַז נאָר אין זיין חלק לאַנד איז די תורה געגעבען געוואָרען. אַן אַנדערער, ווידער, וועלכער וויל זיך אַרויס־דרייען פון מקיים זיין די געבאָטען פון דער תורה וואָלט געפונען אַן אויסרייד און געזאָגט: איך דאַרף די תורה נישט האַלטען, ווייל די תורה איז נישט געגעבען געוואָרען צו דעם שבט צו וועלכען איך געהער. גאָט האָט דעריבער געגעבען די תורה אין מדבר, אויף אַ נייטראַלען פלאַץ כדי אַלע אידען זאָלען דאָרט האָבען דעם זעלבען חלק און גלייכע רעכט. (רבי שמואל מוהיליווער, בדרך הלצה).

## „מהיכא תיתי".

ווען דער גערער רבי זצ"ל איז געווען דאָס ערשטע מאָל אויף אַ באַזוך אין ארץ־ישראל איז ער אויפגענומען געוואָרען דורך דעם דאַמאָלדיגען היי־קאָמישאָנער (נציב־העליון) וואָס ענגלאַנד האָט באַ־שטימט פאַר ארץ־ישראל. אין זייער שמועס, האָט דער היי־קאָמישאָנער אויסגעדרוקט זיין האָפענונג, אַז ענגלאַנד וועט זיכער דערפילען איהר

צוזאָג וואָס איז אַנגעגעבען אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער רבי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט אַן אַקסעל און געזאָגט: „מהיכא־תיתי״! דעם איבערזעצער איז שווער אָנגעקומען איבערצוזעצען דאָס וואָרט „מהיכא־תיתי״ אויף ענגליש, דאָך האָט זיך איהם אויף עפּעס אַן אופן איינגעגעבען קלאָר צו מאַכען פאַר׳ן היי־קאָמישאָנער דעם געזעצער רביצ׳ס באַמערקונג. ווען דער רבי איז אַרויס פון פּאַלאַץ, האָט דער איבערזעצער זיך גענומען די דרייסטיקייט און געפרעגט דעם רבי׳ן: ילמדנו רבנו, אַזאַ וויכטיגע פּערזענלעכקייט, האָט געמאַכט פאַר איך אַזאַ וויכטיגע אָפיציעלע דערקלערונג און איהר, רבי, מאַכט דערפון גאָרנישט קיין וועזען? איהר פאַרשטייט — האָט איהם דער רבי געענפערט — מיר האָבען שוין אַן אַלטען וועקסעל פון רבונו של עולם אַליין אַז ער וועט אונז געבען ארץ־ישראל. דער וועקסעל איז זעהר קוראַנט. איז, אויב אַט דער ענגלענדער וויל באַשטעטיגען אַט דאָס וועקסעל איז — „מהיכא תיתי״. (דערציילט פון אַ מקורב).

## „רחוב רש״י״ און „רחוב חומש״.

אין ארץ־ישראל ווערט דערציילט פאָלגענדער וויץ: אַן אויס־לענדישער אידישער טוריסט, נישט קיין גרויסער תלמיד־חכם און נישט קיין קליינער עם־הארץ, האָט געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער לענג און ברייט פון דער שיינער אידישער שטאָט תל־אביב. דורכ־מאַרשירענדיג אַלע גאַסען און אַלעען, האָט געזען אַ שילד „רחוב רש״י״ — היתכן? האָט זיך דער גאַסט געוואונדערט — איך בין דורכגעגאַנגען אַזויפיל גאַסען און איך האָב נישט באַמערקט אַז עס זאָל זיין חאָטש איין גאָס וואָס זאָל הייסען „רחוב־חומש״? וואָס איז די מעשה? צו איז דען דער פּראָפאָסער פון רש״י מער פערזענלעכקייט ווי דער פּראָפאָסער פון חומש? (דערציילט פון אַ רב).

## פון וואָס מען וועט אין ארץ־ישראל פּטור ווערען.

דער רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל איז אַמאָל אָנגעקומען אין אַ שטאָט אויף שבת, זענען איהם געקומען באַגעגענען צוויי רבנים, איינער איז געווען דער רב פון דער שניידערישער חברה און דער אַנדערער איז געווען רב פון די חברה מעל־סוחרים. ביידע זענען געווען שטאַרקע מתנגדים פון חסידות. די רבנים וועלענדיג לצנות מאַכען פון דעם חסידישען רבי׳ן האָבען צו איהם אַ זאָג געטאָן: נו, לאָמיר עפּעס הערען אַ דבר־תורה פון אייך! מיט׳ן גרעסטען פאַר־גניגען — האָט דער באַרדיטשיוועער זיי געענפערט — די גמרא זאָגט, אַז לעתיד לבוא, וועט די ארץ־ישראל אַרויסגעבען פאַרטיגע

זיידענע קליידער און צייטיגע פירות. איז מיר דער מאמר שטענדיג געווען אונפאַרשטאַנדליך — וואָס־זשע וועט שוין פון דעם אַרויס־קומען? נאָר נאָכדעם ווי איך האָב אייך באַגעגענט איז מיר שוין דער מאמר קלאָר. איצט האָבען מיר פאַרשידענערליי חברות, שניידער־חברות און מעל־סוחרים חברות און זיי האָבען אייגענע רבנים, שפּעטער אָבער, ווען אידען וועלען זוכה זיין צו האָבען אַן אייגען לאַנד און די ארץ־ישראל לאנד וועט אַרויסגעבען פאַרטיגע קליידער און פאַרטיגע שפּייז וועט מען שוין ניט דאַרפען האָבען קיין שניידער און קיין מעל־הענדלער און דער געווינס וועט זיין, אַז מ׳וועט פּטור ווערען פון אַ שניידערישען רב און אַ מעל־הענדלערישען רב. (פאָלקס־מעשה׳לע).

## אַ גוטער אָפּרו־פּלאַץ.

פאַר דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט אַ רייכער איד פון שטעטעל ליקווידירט אַלע זיינע געשעפטען און געפאָרען קיין ארץ־ישראל דאָרט אויסצולעבען די יאָרען. דערויף האָט דער רב געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ בפירוש׳ער רמז פון דער תורה: „וירא מנוחה כי טוב”, אַז אַ איד וויל האָבען מנוחה און זיך אָפּרוען, „ואת הארץ כי נעמה” — זאָל פאָרען אין דעם לאַנד וואו ס׳איז זיס, קיין ארץ־ישראל וואָס איז אַן ארץ זבת חלב ודבש. (בדרך הלצה).

## די בקשה פון אַן אונוויסענדע אידענע.

עס ווערט דערציילט אַ וויץ: אַ אידענע האָט אָנגעקלאַפּט אין איהר שטוב אויף דער וואַנט צדקה־פּושקעס פון פאַרשידענע אַנ־שטאַלטען: פאַר יתומים־הייזער, האָספּיטאַלס, מושב־זקנים׳ס, זמילות־חסדים־קאַסעס, און דער גלייכען. צווישען די אַלע פּושקעס איז אויך געווען אַ פּושקע פאַר ארץ־ישראל. יעדען פרייטאָג פאַר ליכט־בענטשען פלעגט די אידענע אַריינוואַרפען אַ גילדען אין יעדער פּושקע באַזונדער און דאַביי זאָגען: הארציגער פאָטער אין הימעל! אין זכות פון דעם וואָס איך גיב צדקה פאַר האָספּיטעלס, העלף מיר איך זאָל צו קיין האָספּיטאל ניט דאַרפען אָנקומען. אין זכות וואָס איך גיב צדיקה פאַר יתומים־הייזער, זאָלסט זיך דערבאַרימען זאָלען די קינדער מיינע נישט דאַרפען אַהין אָנקומען. אין זכות וואָס איך גיב צדקה פאַר מושב־זקנים הייזער, האָב רחמנות אַז עס זאָל ניט קומען דערצו, אַז אויף די עלטערע יאָרען זאָל איך אָדער מיין מאַן דאַרפען חס־ושלום, פאַר־וואַרפען ווערען אין אַ מושב־זקנים. אין זכות פון מיין געבען צדקה פאַר גמילות־חסדים קאַסעס, זאָל איך קיינמאָל נישט דאַרפען אָנקומען צו בעטען הלוואות ביי יענעם. און אין זכות פון מיין געבען צדקה

פאַר ארץ־ישראל, היט מיך אויס, גאָטעניו טייערער, איך זאָל קיינמאָל נישט זיין אין ארץ־ישראל. (פאָלקס־וויץ).

## יאָ חלוקה.

ווען די פאַראייניגטע פעלקער האָבען אָנגענומען אַ באַשלוס וועגען צעטיילען ארץ־ישראל איז צווישען די מיטגלידער פון אַ גרויסער אידישער אָרגאַניזאַציע פאָרגעקומען אַ וויכוח: יאָ, חלוקה, ניט חלוקה. זיי האָבען באַשלאָסען צו פרעגען דעם ערשטען קינד וואָס זיי וועלען טרעפען ער זאָל זיי זאָגען דעם פסוק וואָס ער האָט היינט געלערנט און לויט דעם וועלען זיי אַנטשיידען די דעבאַטע. זיי האָבען באַגעגענט אַ אינגעלע און איהם געזאָגט (אַזוי ווי עס ווערט דערציילט אין דער גמרא): פסוק לי פסוקך! דאָס אינגעלע האָט געזאָגט אַ פסוק וואָס ער האָט יענעם טאָג געלערנט: מן המצר קראתי יה... די זאַך איז געוואָרען אַנטשידען: יאָ! יאָ חלוקה... (ארץ ישראל וויץ).

## אַ קריזיס־צייט.

אַז אידען אין די גלות־לענדער מאַכען גוטע געשעפטען און ווערען רייך, האָבען זיי ניט קיין חשק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. קוים אָבער ווערען זיי געפאַלען און עס גייט מיט דער פוטער אַראָפּ הויבט מען אָן אַ טראַכט טאָן און מען רעדט וועגען באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל. דערויף האָט אַ באַקאַנטער רב געטייטשט בדרך הלצה דעם פסוק: „ושפלת מארץ תדברי״ (ישעיהו) אַז אויב אַ איד איז עקאָנאָמיש געפאַלען רעדט ער וועגען ארץ־ישראל. (אַ ווערטעל).

## אַ ווערטעל וועגען אַ קאָרגען גביר.

אַ רב אין ירושלים איז אַמאָל געקומען צו אַ דאָרטיגען גביר בעטען אַ נתינה וועגען אַ וויכטיגען געזעלשאַפטליכען צוועק. דער גביר האָט זיך אַנטזאָגט צו געבען. אַרויסגייענדיג פון זיין שטוב, האָט דער רב אַ זאָג געטאָן צו זיינע באַגלייטער: אויף ארץ־ישראל דולדעט אַזעלכע מיני ברואים, איז מען בפירוש עובר אויף דעם וואָס די חז״ל זאָגען „ארור המגדל חזירים בארץ־ישראל״. (געהערט).

## אַ סאַבוויי אין ארץ־ישראל.

ווען די פירער פון דער אידישע מלוכה האָבען געפלאַנט צו בויען אַ סאַבוויי אין ארץ־ישראל האָט איינער פון די מיניסטאָרען געזאָגט אַ ווערטעל: אויב דאָס וועט דורכגעפירט ווערען וועט בפירוש מקיים ווערען די ווערטער פון ר׳ יהודה הלוי: כל עיר על תילה בנויה ועיר

אלקים מושפלת עד שאול תחתיה. („תחתית" אויף נײ־העברעאיש הייסט א סאָבוויי). (ארץ־ישראל וויץ).

## נישטאָ דאָרט קיין דאגות פרנסה.

אַ קלוגער איד איז אַמאָל צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל און דערציילט פאַר זיינע לאַנדסלייט זיינע איינדרוקען פון דאָרט. צווישען אַנדערען האָט ער באַמערקט אַז ס'איז דאָרט ניט פאַראַן קיין דאגות פרנסה. סטייטש ? — האָט מען זיך געוואונדערט — גאַנץ פשוט — איז געווען זיין תשובה — דאָרט איז נישטאָ קיין דאגות פרנסה, ווייל דאָס דאגה'נען העלפט נישט. (אַנעקדאָט).

## צאָל, צייט און געגענשטאַנד.

ווען די אידען פון אַלע עקען וועלט האָבען געוואָרט מיט אַזאַ גרויסער שפּאַנונג אויף דעם באַשלוס פון די פאַראייניגטע פעלקער וועגען דער שאַפונג פון דער קליינע אידישע מדינה, האָט אַ קלוגער איד פאַראַפראַזירט דעם מיניסטער טשוירטשיל'ס שאַרפזיניג ווערטעל אויפ'ן פאָלגענדען אופן : ס'האָבען קיינמאָל אַזאַ גרויסע צאָל מענטשען ניט געוואָרט אַזאַ לאַנגע צייט כדי צוקריגען אַזאַ קליינעם געגענ־שטאַנד (געהערט).

## אַז מען איז קלוג ווערט מען נאָך קליגער.

איינער איז אַמאָל געפאָרען קיין ארץ־ישראל אויף אַ באַזוך. צוריק־קומענדיג אַהיים האָט ער געפרעגט דעם רב פון זיין שטאָט : „די גמרא זאָגט „אווירא דארץ־ישראל מחכים" און איך פיל גאָרנישט אַז כ'האָב געזאָלט קלוג ווערען" ? יאָ — ענטפערט איהם דער רב — אַז מען פאָרט אַהין אַ חכם, מאַכט די ארץ־ישראל לופט נאָך קלוגער, אָבער ווען מ'איז פון שטענדיג אַן אַ שוטה דאַן העלפט ניט ארץ־ישראל לופט, שוטה בלייבט שוטה ! (געהערט).

## די אידישע וואַליוטע.

וועגען דער פראַגע וואָס פאַרא פּנים עס וועלען האָבען די אידישע מטבעות אין דעם נייעם אידישען שטאַאַט קורסירט אין ארץ־ישראל פאָלגענדער וויץ : די קלענסטע מטבע דאַרף הייסען אַ נעבעכל. 10 (צעהן) נעבעכלעך דאַרפען ווערט זיין 1 (איין) רחמנות'ל. 10 רחמנות'־לעך — 1 טובה'לע. צעהן טובה'לעך 1 פּראָטעקציעלע, און צעהן פּראָ־טעקציעלעך — זיי זענען שוין דער עקוויוואַלענט פון 1 זיכערער פרנסה. (געהערט).

## זיין בקשה.

אַ דייטשער איד וואָס האַלט ביי פאָרען קיין ארץ־ישראל שרייבט צו זיין פריינד קיין תל־אביב: כ׳בעט דיך, זיי דיך מטריח און ברייט מיר פאַר אַ דירה, אָבער געדענק למען־השם, נאָר נישט אין קיין אידישע געגענד.

## דורך יעקב׳ס הענד.

ארץ־ישראל וועט אויפגעבויט ווערען נישט דורכ׳ן „קול עשו" פון פאַפירענע דעקלאַראַציעס און צוזאָגען, נאָר דורך די „ידי יעקב" פון יעקב׳ס הענד און אייגענע פראַצע. (אַ ווערטעל פון אַ רב).

## אַ איד און אַ ציוניסט.

די ציוניסטען זאָגען: יעדער איד וואָס איז ניט קיין ציוניסט איז קיין איד נישט. און איך זאָג: יעדער ציוניסט וואָס איז ניט קיין איד, איך אויך קיין ציוניסט נישט. (הרב ריינעס ז"ל).

## אַ קור־אָרט פאַר נשמה־קראַנקע.

צו הרב קוק ז"ל איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ געוויסער ראַביי פון ניו־יאָרק און האָט זיך שטאַרק באַקלאָגט אַז דאָס לאַנד געפעלט איהם ניט, ווייל ער האָט געזען פיל אידישע יונגעלייט, וועלכע זענען ניט פרום און זיינען מחלל שבת עפּענטליך. הרב קוק האָט איהם גאַנץ געלאַסען אויסגעהערט, און אַז ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין קריטיק, פרעגט ער איהם, אויב ער ווייסט פון אַ גוטען קור־אָרט אין אַמעריקע פאַר די וואָס ליידען פון שווינדזיכט. יאָ, דענווער קאָלאָראַדאָ — ענפערט איהם דער ראַביי — עט — מאַכט הרב קוק — זענענדיג אין אַמעריקע בין איך גראָד געווען אין דעם דאָזיגען קור־אָרט, אָבער אויף שריט און טריט האָב איך דאָרט באַגעגענט לונגען־ליידענדע מענטשען, וואָס שפּייען, לא עלינו, מיט בלוט, טאָ וואָס איז עס פאַר אַזאַ גוטער קור־אָרט? — אדרבה, גיט איהם דער אַמעריקאַנער ראַביי צו פאַרשטיין — ווייל די לופט דאָרט איז אַזוי גוט, קומען אַהין אַלע קראַנקע געהיילט צו ווערען — זעהר ריכטיג — איז הרב קוק מיט איהם מסכים — מיט ארץ־ישראל איז אויך אַזוי: „אווירא דארץ ישראל מחכים" — די לופט אין ארץ־ישראל מאַכט קלוג און געזונד, דערפאַר זעהט מען דאָ אַזויפיל קראַנקע אידען — אין רעליגיעזען זין. זיי זענען געקומען זיך אויסהיילען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט און איהר קענט זיכער זיין אַז מיט דער צייט וועלען זיי דאָ האָבען אַ רפואה שלמה און זייער נשמה וועט פולשטענדיג געזונד ווערען. (אַנעקדאָט).

## אַ קאָנסטיטוציע לויט די תורה.

פון אַן אַלטען ציוניסטישען וועטעראַן האָב איך געהערט פאָלגענדען אַנעקדאָט: אויף איינעם פון די ציוניסטישע קאָנגרעסען אין באַזעל איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ באַנקעט צו עהרען אַ באַרימטען ציון־פירער. אויף דעם באַנקעט זענען געווען אַנוועזענד אויך רבנים און אָרטאָדאָקסישע פירער. עס זענען געהאַלטען געוואָרען רעדעס און דרשות לכבוד בעל שמחה אין וועלכע עס איז אויסגעדריקט געוואָרען שבחים און לויבגעזאַנגען אויף זיין אַדרעס. דער בעל שמחה האָט אַנגעטאָן אַ יאַרמעלקע לכבוד די פרומע אַנטיילנעמער און אין זיין ענטפער־רעדע האָט ער צווישן אַנדערען אַזוי געזאָגט: מיין וואונטש איז אַז איך זאָל זיין דער ערשטער וואָס זאָל פאַראורטיילט ווערען צו סקילה דורך דעם סנהדרין אין ירושלים, אַבי נאָר עס זאָל צושטאַנד קומען אַ זעלבסשטענדיגע אידישע מדינה אין ארץ־ישראל און קאָנסטיטוציע לויט דער תורה. (אַנעקדאָט).

## וואָס הייסט אַ ציוניסט?

אויף אַ באַנקעט פון אַ ציוניסטישע מנהיג, האָט איינער פון די אַנוועזענדע געפרעגט דעם פירער: וואָס הייסט אַ ציוניסט? דערויף האָט דער מנהיג געענטפערט: אַ ציוניסט איז דער איד, וועלכע פאַרלאַנגט געלד פון אַן אַנדערען איד כדי דער דריטער איד זאָל קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. (ארץ־ישראל וויק).

## עס פעהלט זיי פייער.

מען האָט דערציילט דעם באַראָן ראָטשילד (נדיב הידוע) אַז אין ארץ־ישראל איז אַ מאַנגעל אין וואַסער, האָט ער דערויף איראָניש אַ זאָג געטאָן: וואָס וואַסער פעהלט זיי? וואַסער האָבען זיי דאָרט גענוג, דאָס וואָס עס פעהלט זיי איז — פייער.

## נאָר נישט אין קיין אידישע געגענד.

אַ דייטשער „יהודי״ וואָס האָט געוואָלט עולה זיין קיין ארץ־ישראל, שרייבט אין אַ בריוו צו זיין פריינד אין תל־אביב: איין ביטע האָב איך צו דיר, זעה און וועגד אַן אַלע מעגלעכקייטען זאָלסט מיר צוגרייטען אַ גוטע דירה, אָבער, למען השם, זאָלסט זיין פאָרזיכטיג עס זאָל נאָר נישט זיין אין קיין אידישע געגענד.

## די האָפנונג פון דייטשען „יהודי״.

אַ דייטשער רב איז אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל. ביים געזעגנען האָט ער געוואונטשען איינעם פון די דייטשע רייכע יהודים אַז

ער זאָל אינגיכען זוכה זיין צו קומען צוזאַמען מיט משיח׳ן קיין ארץ־ישראל. רבי — זאָגט צו איהם דער רייכער יהודי — איך האָב דאָ אין לאַנד אַלדאָס גוטס, וואָס טויג מיר משיח מיט ארץ־ישראל? — און אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט זיך ביי אייך און לאַנד שטאַרק פאַרשפרייטען און איהר וועט דערפון ליידען, וואָס וועט איהר דאַן טאָן? — פרעגט איהם דער רב — דערויף האָט דער יהודי געענפערט: מיר האָפען צום רבונו של עולם, אַז משיח וועט קומען און וועט אַוועקפירען אַלע אַנטיסעמיטען קיין ארץ־ישראל. אויב נישט זאָל ער איבערהויפט נישט דערוועגען צו קומען...

## אַמאָל און היינט.

ווען די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען פאַרשפרייטען, האָט מען איבערגעגעבען רבי ר׳ חיים בריסקער זצ״ל אַז אַ טייל פון די ציוניסטישע מנהיגים האָבען געהייראַט גוי׳אישע פרויען. דערויף האָט רבי חיים געזאָגט צו זיינע מקורבים: אַ פאַרקערטע ערשיינונג פון אַמאָל: פריער אין עזרא׳ס צייטן ווען אידען זענען געוואָרן ציוניסטען און צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל איז די ערשטע זאַך האָבען זיי אַוועקגעשיקט די גוי׳אישע ווייבער און היינט איז פונקט פאַרקערט.

## ער ליגט נישט קראַנק אין אַלע האָספיטלס.

פראָפעסאָר מאַנדעלשטאַם האָט אַמאָל געהאַט אַ לענגערען געשפרעך מיט דעם באַרימטען קיעווער מיליאָנער בראָדסקי און איהם פאָרגעלייגט ער זאָל העלפען מיט זיינע געלד־מיטלען אויפבויען ארץ־ישראל. דערויף האָט איהם בראָדסקי ערקלערט אַז ער קען דאָס ניט טאָן, ווייל עס וואָלט געווען אַן אונזין ער זאָל פאַרקויפען אַלע זיינע געשעפטען און פאָרען קיין ארץ־ישראל. איך פאַרלאַנג נישט פון אייך איהר זאָלט פאָרען קיין ארץ־ישראל — האָט איהם דער פראָפעסאָר געענפערט — איך פאַרלאַנג נאָר איהר זאָלט העלפען מיט אייער געלד דאָס אויפבוי ווערק פון ארץ־ישראל, צו ליגט איהר דען קראַנק אין אַלע האָספיטלס וועלכע איהר שטיצט מיט אייער געלד? (געהערט).

## נישט רעדען, נאָר טאָן.

„האומר ירושלים לא אמר כלום״ (חז״ל). בלויז רעדען וועגען ירושלים איז גאַרנישט, פאַר ירושלים דאַרף מען אַרבייטען און טאָן מעשים. (אַ גדול, בדרך הלצה).

## אין ארץ־ישראל פיהלט מען שבת אויף שריט און טריט.

אַ אינגעלע פון ארץ־ישראל איז געקומען פון דאָרט קיין אַמעריקע, און ער האָט פאַרברענגט אין אַמעריקע אַ צייט פון איבער אַנדערט־האַלב יאָר, דערנאָך האָט ער מיט קינדערישער תמימות אַ פרעג געטאָן: „טאַטעשי, זאָג מיר, ווען וועט שוין קומען דער שבת?" (אַ ווערטעל).

## ער האָט נישט לאַנג געוואַרט.

שלמה'לע האָט אַ זאָג געטאָן צו זיי טאַטען: קוק, דעם חילוק פון מיר צו איך, עלטערע מענטשען פון פריריגע דורות. דו, דער זיידע און די באָבע האָבען געוואַרט אויף דער אידישער מדינה גאַנצע צוויי טויזענט יאָר און איך — נאָר אַ קורצע צייט, אַ פאָר יאָר און נישט מעהר. (אַ ווערטעל).

## אַ ציוניסט זייט דעם ברית.

איינער האָט אַמאָל געפרעגט אַ פאַרברענטען ליבהאָבער פון ציון: זייט ווען עס דאַטירט זיך זיין איבערגעבענקייט צו ציון? דערויף האָט דער ציוניסט געענטפערט: דאָס נעמט זיך זייט דאַן ווען מען האָט געזונגען אויף מיין ברית: „וכרות עמו „הברית" לתת לו את ארץ הכנעני". (אַ ווערטעל).

## אין וואָס עס וועט באַשטיין די „אידישע מלחמה".

ווען אידען וועלען זיין אין ארץ־ישראל, וועלען זיי זיין די גרעסטע פאַציפיסטען פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. די איינציגע העלדיש־קייט אין וועלכען די אידישע גבורה וועט קומען צום אויסדרוק וועט זיין אין דעם וואָס מען וועט קעמפען געגען יצר־הרע. אַזוי איז אויך געווען דער פאַרגאַנגענהייט. די מלחמות זענען געווען אַ „מלחמתה של תורה", א מלחמה צווישען הלל און שמאי, רבי יוחנן און ריש־לקיש, רבי יהושע און רבי אלעזר, אביי און רבא א. ד. ג. (בדרך הלצה, פון אַ גדול).

## דעם אמת'ן פודה ומציל האָט מען פאַרגעסען צו רעכענען.

ווען די פאַראייניגטער פעלקער האָבען אַנערקענט פאַר אידען אַן אייגענעם אידישען שטאַאַט, האָבען אידען געיובעלט פאַר שמחה. אין אַלע גאַסען אויף אַלע פאַרזאַמלונגען און בתי־מדרשים האָט מען זיך געוואונטשען מזל־טוב. אויף איינעם פון די פאַרזאַמלונגען וואָס איז פאַרגעקומען לכבוד דעם דאָזיגען גרויסען געשעעניש אין לעיק־

סוקסעס, האָט איינער פון די רעדנער אויסגערעכענט די נעמען פון אַלע אידישע מנהיגים, וועלכע האָבען געהאָלפען צו דעם באַשלוס פון אַ אייגענער אידישע מדינה. פלוצים האָט איינער פון די צוהערער איבערגעריסען דעם רעדנער און איהם געמאַכט אַ צווישען־רוף: יעדען רעכענט איהר אויס נאָר איינעם האָט איהר פאַרגעסען! וועמען? — פרעגט דער רעדנער — ד״ר סילווער? ד״ר וויז? הרב גאָלד? שערטאָק? ניין — ענפערט דער צווישען רוף מאַכער — דעם רבונו של עולם! (געהערט).

## חלול שבת און העברעאיש.

וועגען די ראַדיקאַלע עלעמענטען אין ארץ־ישראל וועלכע זענען מחלל שבת און רעדען נאָר העברעאיש, קורסירט צווישען די פרומע קרייזען פאָלגענדער האַראַקטעריסטישער וויץ: נאָענט פון דער שטאָט צפת האָבען זיך געפונען אַ גרופע ראַדיקאַלע אַרבייטער. איינמאָל האָבען זיי אַריינשפּאַצירט אין דער הייליגער שטאָט און שבת־בייטאָג מיט פערד און וואָגען. די קינדערלעך פון שטאָט זענען שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען צוזעענדיג אָט דעם חלול שבת בפרהסיה, זענען זיי נאָכגעלאָפען נאָך׳ן וואָגען און געשריגען אויף אידיש: „אידען פאָרען אום שבת! אידען פאָרען אום שבת!״ דערויף האָבען די וואָס זענען געזעסען אויפ׳ן וואָגען געענפערט די פרומע אידישע קינדער: „גוים דברו עברית״... (ארץ־ישראל ווערטעל).

## אידישע „גזלנים״.

אין ארץ ישראל וויצעלט מען זיך: אויב אַ שוטר (פּאָליסמאַן) וועט קומען אַרעסטירען אַ אידען פאַר נישט אויסצאָלען די טעקסיס אָדער דער גלייכען, וועט דער איד זאָגען צום שוטר: הייגט איז פסח איך דאַרף פּראַווען דעם סדר און זיצען ביי זיך אין שטוב און נישט אין דער תפיסה. (געהערט פון אַן ארץ־ישראל גאַסט).

## עפּעס פאַר משיח׳ן אויך...

דער איצטיקער ישראל מיניסטער פון רעליגיע הרב י. ל. פישמאַן איז תמיד געווען אַ קעגנער פון צעטיילען ארץ ישראל.

ווען ס׳איז אָבער געקומען צום מאָמענט, ווען די פראַגע פון צעטיילונג איז געוואָרען זייער וויכטיג, האָט ער מסכים געווען אָנצונעמען דעם צעטיילונגס־פּלאַן. האָבען איהם אייניגע געפרעגט, ווי קומט עס וואָס פריער איז ער געווען „קעגען״ און איצטער איז ער „פאַר״, האָט ער געענפערט:

„איך בין געקומען צו דער אנערקענונג, אַז מ׳דאַרף עפּעס איבער־לאָזען אויף פאַר משיח׳ן, אַז ער זאָל האָבען וואָס אויסצוליייזען״!...
(איבערדערציילט פון ב. קצין).

## ארץ־ישראל זאָל ווערט זיין צו טראָגען ג־ט׳ס נאָמען.

אין „ברכת המזון״ (בענטשען) זאָגט מען: „רחם נא על ישראל עמך ועל ירושלים עירך ועל ציון משכן כבודך״. אַ פּאַרצייטישער מגיד האָט ער אויסגעטייטשט אויף פאָלגענדען אופן: „רחם נא״, דערבאַרעם זיך, רבונו של עולם „על ישראל״ אויף די אידען, אָבער „עמך״ וועלכע טאָן די מעשים פון דיין פאָלק, מיט תורה און יראת שמים, „ועל ירושלים״, דערבאַרעם זיך אויף ירושלים, אָבער אַזאַ ירושלים וואָס זאָל קאָנען אָנגערופען ווערען „עיר קדשך״, דיין הייליגע שטאָט, אין וועלכע עס זאָל אָפּגעהיטען ווערען תורה און מצוות, אַז עס זאָל ווערט זיין צו טראָגען דיין נאָמען. „ועל ציון משכן כבודך״, האָב רחמנות אויף ציון, אַזאַ אין וועלכע דו זאָלסט קענען מאַכען אַלס פּלאַץ וואו דיין כבוד וועט קענען געפינען ריהונג און די שכינה וועט דאָרט קענען וואוינען. (אַ מגיד).

## צוערשט זאָל מען געבען געלד — דערנאָך קריטיקירען.

רבי שמואל מאַהיליווער ז״ל, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס שטאַרקער „חובב ציון״ האָט אַמאָל באַזוכט אַ באַוואוסטען גביר דענ־קענדיג צו באַקומען פון איהם אַ וויכטיגע באַשטייערונג פאַר ישוב ארץ־ישראל. רעדענדיג מיט דעם גביר האָט יענער אָנגעהויבען צו קריטיקירען די חיבת־ציון באַוועגונג און דערביי אויסגערעכענט אַ גאַנצען צעטעל פון פעהלערען און חטאים פון איהרע פירער און טעטיקייטען. רבי שמואל האָט רוהיג אויסגעהערט דעם גביר׳ס טענות און איהם געזאָגט: „מיין טייערער פריינד, איך וויל אייך דערציילען אַ מעשה וואָס איז זיך פאַרלויפען, און מעשה שהיה כך היה: — אַ נגיד׳שער איד וועלכער האָט געוואוינט אין אַ דאָרף וויט פון אַ אידישען ישוב, האָט געוואָלט אַז זיין זון זאָל ווערען אַ בן־תורה, האָט ער איהם געשיקט אין אַ ישיבה פון אַ שכני׳שער שטאָט און האָט איהם פאַרקעסטיגט ביים שטאָטישען שוחט, וועלכער איז געווען אָנגענומען אַלס פיינער, אָרענטליכער מאַן. יעדען חודש האָט דער פאָטער געשיקט צום שוחט דורך פּאָסט פּופציק גילדען פאַר די הוצאות פון עסען און שלאָפען פון זיין בן־יחיד. איינמאָל האָט פּאַסירט אַז דער בריוו מיט׳ן געלד איז אויפ׳ן וועג פאַרלוירען געגאַנגען. עס איז אַדורך געגאַנגען אַ פּאָר וואָכען און דער בריוו

איז ניט אָנגעקומען צום שוחט. האָט דער זון געלאָזט וויסען זיין פאָטער אַז דעם חודש האָט זיין בעל־אכסניה, דער שוחט, איבער־הויפּט קיין געלד נישט דערהאַלטען. דערויף האָט איהם דער פאָטער געענטפערט, אַז ער האָט באַשטימט יענע וואָך אָוועקגעשיקט דורך זיין משרת אַ בריוו אויף די אַדרעס פוג׳ם שוחט אין וועלכען עס איז געווען בייגעלייגט פופציג גילדען ווי תמיד. ווען דער זון האָט איהם נאָכאַמאָל געשריבען אַז דער דאָזיגער בריוו מיט׳ן געלד איז ניט אָנגעקומען, איז דער פאָטער, חושד זענענדיג דעם שוחט אַז ער האָט דאָס געלד צוגענומען פאַר זיך, אַריינגעפאָרען אין שטאָט אַריין און מזמין געווען דעם שוחט צום רב אויף אַ דין־תורה. דער רב, אויסהערענדיג די טענות פוןביידע צדדים, האָט אַרויסגעגעבען אַ פסק־דין, אַז דער שוחט זאָל שווערען, אַז ער האָט דאָס געלד נישט דערהאַלטען. דערויף האָט דער שוחט געזאָגט: איך וועל בעסער באַצאָלען די פופציג גילדען איידער מקבל צו זיין אַ שבועה. דער שוחט האָט אַרויסגענומען פון טאַש פופציג גילדען און גענומען אַ חומש אין דער האַנד אַריין און געשוואָרען אַז ער האָט דאָס געשיקטע געלד ניט צוגענומען. דער רב זענענדיג שטאַרק ערשטוינט פון דער דאָזיגער פּאַסירונג האָט געפרעגט דעם שוחט: ממה נפשך: „אויב דו האָסט געשוואָרען, צו וואָס האָסטו נאָך באַצאָלט אַזאַ געלד וואָס דו האָסט נישט צוגענומען?״ האָסטו ווידער באַצאָלט געלד האָסטו דאָך זיך געקענט באַפרייען פון דער שבועה? — דערויף האָט איהם דער שוחט געענטפער׳ט: רבי, אייך איז דאָך באַוואוסט ווי ווייט די שנאה פון אַן עם־הארץ צו אַ תלמיד־חכם דערגרייכט: דעריבער, וואָלט איך געשוואָרען און אַזוי אַרום זיך געפּטר׳ט פון באַצאָלען וואָלט דער עולם געווען געזאָגט: „אַזוי איז שוין דער שטייגער פון די כלי־קודש״, וואָס נישט געגנוג וואָס זיי זענען גנבים שווערען זיי נאָך פאַלש. אָבער איצט אַז כ׳האָב באַצאָלט און געשוואָרען קען שוין ניט זיין אויף מיר קיין שום חשד.

דאָס זעלבע זאָג איך אויך דיר — האָט דער ביאַליסטאָקער רב רבי שמואל געאָזט צום גביר — קודם כל זאָלסטו געבען אַ באַדייטענדע באַשטייערונג פאַר דער חיבת־ציון באַוועגונג און דערנאָך מעגסטו זוכען פעהלער׳ען ביי די „חובבי־ציון״. אַז דו גיסט נישט קיין געלד פאַר אַזאַ וויכטיגען צוועק קען דאָך פאַלען אַ חשד, אַז דו ביסט אַ גרויסער קמצן און דאָס וואָס דו האַלסט אין איין קריטיקירען די פירער און די באַוועגונג איז ווייל דיין קמצניש האַרץ לאָזט דיך נישט אַריינטאָן די האַנט אין קעשענע... מיין עצה איז:

קודם כל גיב געלד — דערנאָך רעד...

# אינהאַלט

## ת נ " ך



---

## מאמרי חז"ל

---

## זוהר

## תורה טייטשען און באַלויכטונגען

## חסידישע ווערטער און רעיונות

## געדאַנקען און באַמערקונגען

---

## מעשיות און לעגענדעס



---

## וויצען און אַנעקדאָטען

